Slovès, Henri.
Hamans mapole : folks-
shpil in fir aktn.
Pariz , [1949]

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005-1893.14

**Slovès, Henri.**
Hamans mapole : folks-shpil in fir aktn / H. Sloves.
Pariz : Farlag "Oyfsnay", [1949]
Varying form of title: Homons mapole Défaite d'Aman, comédie en quatre actes
102 p. ; 23 cm.

1. Purim--Drama. 2. Yiddish drama.--lcsh
I. France-Paris

ID : NXYH01-B20905 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /29468

Reduction ratio X 10.0

ח. סלאָוועס




פֿאַרלאַג אויפסניי פּאַריז

ח. סלאָוועס

# המנס מפּלה

פאָלקס-שפּיל אין פיר אַקטן

---

פארלאג „אויפסניי" פאריז

---

הילע געצייכנט פון אַ. קאַלניק

---

**H. SLOVES : Homons Mapoleh (La défaite d'Aman)**
COMÉDIE EN QUATRE ACTES

PRINTED IN FRANCE

Imprimerie Abécé, 11, Rue Louis-Blanc, Paris X.

„המנס מפּלה“ איז נישט קיין באַנייאונג פון אַן אַלטער אחשורוש-שפּיל. רעסטאַווירן אַ פאַרגאַנגענעם זשאַנר אין דער ליטעראַטור אָדער אינם טעאַטער איז בלי ספק אינטערעסאַנט, באַלערנדיק און וויכטיק, אָבער דאָס איז אַן ענין, וואָס גייט אָן בעיקר פאָרשער און פיינשמעקער-עסטעטן.

„המנס מפּלה“ איז אויסן עפּעס אַנדערש: דערגראָבן זיך צו די קוואַלן פון אַ לאַנג-דורותדיקער יידישער טעאַטער-טראַדיציע, וואָס, מחמת איר קערנדיקער פאָלקסטימלעכקייט און איר אָרגאַנישער פאַרבינדונג מיטן יידישן טעאַטער-טעמפּעראַמענט, איז זי מסוגל צו באַפרוכפּערן אונדזער היינטצייטיקן טעאַטער-שאַפן און אַריינגיסן אין אים אַ נייע חיות.

עס איז זיכער איינער פון די פּאַראַדאָקסן פון אונדזער טעאַטער-געשיכטע, וואָס גראַד אָט דער נוסח, וואָס איז במשך פון לאַנגע יאָרהונדערטער געווען כמעט דער איינציקער אויסדרוק און די פאַרקערפּערונג פונם וועלטלעך-טעאַטראַלן אויסלעבן זיך ביי יידן, דער נוסח, וואָס האָט, אין זיין דורות-דיקער געשטאַלטיקונג, אַריינגעזאַפּט אין זיך אַלדאָס פאָלקס-טימלעכע פון יידישן מאַסן-לעבן, די כולו חנעוודיקייט און באַטעמטקייט פון יידישן וואָרט און פון דער יידישער באַוועגונג — וואָס גראַד אָט דער דאָזיקער נוסח, די אַזוי גערופענע פּורים-שפּיל, האָט אַמווייניקסטן באַאיינפלוסט אונדזער מאָדערנעם טעאַטער-וועזן און איז געבליבן מחוץ די ראַמען פון דער מאָדערנער יידישער דראַמאַטורגיע.

אונדזער ליטעראַטור איז געוואַקסן אויף געבענטשטער המשך'דיקייט — פון דור צו דור און פונם פאָלקס-שאַפן צו די העכסטע פאָרמען פון קינסטלערישן אויסדרוק. אין דער אַנטוויקלונג-ליניע פון אונדזער טעאַטער איז אָבער פאַראַן אַ געוואַלד-רים — אַ רייכע, יאָרהונדערטער-אַלטע ירושה איז געוואָרן פאַרלאָזט און פאַרוואָרפן. און אפשר ליגט טאַקע דאָ די הויפּט-סיבה דערפון, וואָס, נישט געקוקט אויף אַלע דער-

גרייכונגען פון אונדזער מאָדערנעם טעאַטער, זוכן מיר נאָך אַלץ דעם סוד פון אמת-יידישן טעאַטער-סטיל.

„המנם מפלה“ איז אַ פּרווו אַריינצוברענגען אין דער היינטצייטיקער יידישער טעאַטער-שאַפונג די פאַרגעסענע קינסטלערישע ווערטן פון דעם אַמאָליקן יידישן טעאַטער-נוסח. אַ פּרווו פון סינטעז צווישן אַלט-יידישער פאָרם און אַקטועל-מאָדערנעם יידישן אינהאַלט, אויף דער באַזע פון געזונטער, תמיד-יידישער פאָלקסטימלעכקייט. אָט דער סינטעז ווערט געזוכט ווייניקער אין דראַמאַטורגישע פאָרמולן און אין סצענישע סכעמעס, ווי אין באַלעבנדיקן גייסט פון שפּרודלדיקער פאָלקס-שאַפונג, אין דעם טיף-פאָלקישן אָטעם, וואָס טראָגט זיך מעכטיק צו אונדז פון דער פּורים-שפּיל-טראַדיציע.

די נויטווענדיקייט פון אַזאַ אָפּפרישנדיקן אָטעם לאָזט זיך פילן באַזונדערס שטאַרק היינט צו טאָג, ווען אַ גרויסער טייל פון דער יידישער דראַמאַטורגיע שטיקט זיך אין רויך און טשאַד פון פאָלקס-פרעמדער מיסטיק.

***

דער איצט-פאַרעפנטלעכטער טעקסט פון „המנם מפלה“ אונטערשיידט זיך וועזנטלעך פונם ערשטן וואַריאַנט פון דער פּיעסע, וואָס איז פאַרענדיקט געוואָרן אין יוני 1940.

צווישן די ביידע וואַריאַנטן ליגן יאָרן פון אַרבעט און דערפאַרונג און, דער עיקר — עס ליגט דער בלוטיקער מבול פון דער וועלט און אונדזער גרויליקער יידישער פאָלקס-חורבן. דער גיהנום-פלאַקער פון די קרעמאַטאָריעס האָט נישט בלויז פאַרשטערט די פרייד פון נצחון און אָפּגעווישט די זאָרגלאָזע טראַציקייט פון העלן געלעכטער, נאָר האָט אויך געוואָרפן אַ ניי ליכט אויף אַ טייל העלדן פון דער פּיעסע, אַ ליכט, וואָס האָט כמעט אינגאַנצן פאַרענדערט זייער געשטאַלט.

אומגעענדערט איז געבליבן — און פילפאַכיק נאָך פאַרטיפט — די ליבע צום פאָלקס-שאַפן, דער ציטער פון דרך-ארץ און באַוווּנדערונג פאַר די אומבאַזיגבאַרע לעבנס-כחות און פאַרן ווונדערלעכן אָפּטימיזם פון אונדזער פאָלק.

מער נאָך ווי תמיד, איז דאָס פאָלק היינט ווי די שוואַרץ-ערד, וואָס גיט יניקה און, גלייכצייטיק, ווי די ליכטיקע זון, צו וועמען עס ציט זיך יעדער לעבעדיקער פלאַנץ פון עכטער קונסט.

## חברה-שפּילער:

העראָלד

קיניג אחשורוש

ממוכן }

מזומן } דעם קיניגס בעלי-וועצים

כפּרתי }

מרדכי הצדיק

המן הרשע

קיניגין ושתי

אסתר המלכה

שטערנזעער

פרשנדתא, קיניגלעכער אָפיציר

תרש }

בגתנא } פאַרשווערער

בעל-קורא

מרסנא, פעלדמאַרשאַל

פרסנא, יעדנעראַל

קיניגלעכער פערד

שוועלהיטער, הויפליים

הויפדאַמען, כלות

# פֿאָרשפּיל

**הערָאָלד:**

(קומט אַריין, פֿאַרנויגט זיך)
אַ שיינעם גוטן אָוונט אייך, מיינע ליבע לייט!
גאָט זאָל אייך דערפֿרייען אין אונדזער שווערער צייט.
אַ גוטן אָוונט, פּרינצן, גראַפֿן, קאַוואַלירן
הערט אויס אַ מעשה נורא, וואָס האָט געטאָן פּאַסירן...
לייגט אויך אָן אויער צו, איר הויכגעשטעלטע דאַמען!
דער עיקר מיין איך אייך, איר טוט מיין האַרץ צעפֿלאַמען.
איך האָב אייך ליב—וואָס הייסט?!—דאָס גאַנצע ממש היות!
און דווקא אָן אַ חילוק נאָר, צי איר זיינט שיין, צי מיאוס.
איז הערט זשע אויס, איר דאַמען ליבע, האָרכט אויסעט.
מיינע האַרן
די מעשה איז אַן אמתע, איך וועל אייך ניט גענאַרן!
אַן אמתע, אַ כשרע, ניט אומעטיק, נאָר פֿריילעך
און הויבן הויבט זי גראַד זיך אָן... מיט אַ גויִעשן מלך.
געוועזן אַמאָל... נאָר שאַט, איך הער, די שפּילער שטייען
ביי די טירן
דערלויבט אַריינצורופֿן זיי, האַרן קאַוואַלירן...
(זינגט) אַריין, אַריין, אַריין, אַריין
חברה־שפּילער, דו מיין!...
אַריין, אַריין, אַריין, אַריין
חברה־שפּילער, דו מיין!...

**כאָר:**

(פֿון הינטערן פֿאָרהאַנג) טראַלאַ־לאַ־לאַ!... טראַלאַ־לאַ־לאַ!...

(עס הויבט זיך אויף דער פֿאָרהאַנג. פֿון אַלע זייטן קומען, זינ־
גענדיק, די שפּילער און שטעלן זיך אויס אין אַ האַלב־קרייז)

**הערָאָלד:**

יעמוד החכם הגאון הקיניג אחשורוש, ירום הודו!...

**אחשורוש:**

(גייט אַרויס פון דער רייע, פאַרנויגט זיך, זינגט)
איך בין קיניג אחשורוש, פול מיט שכל, פול פאַרשטאַנד
מיין חכמה האָט א נאָמען אין גאַנצן פרס־לאַנד

**כאָר:**

זיין חכמה האָט א נאָמען אין גאַנצן פרס־לאַנד

**העראָלד:**

יעמוד הצדיק הלמדן המופלג רב מרדכי ברב יאיר!...

**מרדכי:**

(גייט אַרויס פון דער רייע, פאַרנויגט זיך, זינגט)
כ'בין מרדכי הצדיק, גאָטספאָרכטיק, פרום און גוט
ניט געלאָזט פאַרגיסן אונדזער יידיש בלוט

**כאָר:**

ניט געלאָזט פאַרגיסן אונדזער יידיש בלוט

**העראָלד:**

יעמוד היידענ'ע הקאָזאַק המלכה ושתי מיטן האָרן!...

**ושתי:**

(גייט אַרויס פון דער רייע, פאַרנויגט זיך, זינגט)
ושתי איז מיין נאָמען, קיניגין איך וואַר,
עס האָט די קרוין מיר צוגענאָמען דיזער אַלטער נאַר

**כאָר:**

(ווייזנדיק אויף אחשורושן)
עס האָט די קרוין איר צוגענאָמען דיזער אַלטער נאַר

**העראָלד:**

יעמוד הבתולה הצנועה הקראַסאַוויצע אסתר המלכה!...

**אסתר:**

(גייט אַרויס פון דער רייע, פאַרנויגט זיך, זינגט)
כ'בין אסתר המלכה, א כשר יידיש קינד,
א מאַן א נאַר צו האָבן, איז אָך און ווי און ווינד



**כאָר:**

א מאַן א נאַר צו האָבן, איז אָך און ווי און ווינד

**המן:**

(לויפט אַליין אַרויס פון דער רייע) וואָס איז דאָ פאַר א יידישע פאַזשאַנדקעס, קאָלעגע העראָלד?... פרינץ המנען לאָזט מען גאָר אויף לעצט? !... איך וועל עס ניט דולדן!... (פאָכעט מיטן שווערד)

**העראָלד:**

אחרון אחרון חביב, קאָלעגע המן... פאַר דיר האָב איך אי־בערגעלאָזט מפטיר... (מיט א ניגון) יעמוד הגבור הנורא הצורר היהודים, המן בן המדתא מפטיר!...

**המן:**

(שטאַרק צופרידן פונם כבוד, זינגט)
כ'בין המן דער אגגי, איין פורכטבאַר גרויסער העלד
עס ציטערט פאַר מיין שווערד די גאַנצע דומע וועלט
די יודן, די פאַרפלוכטע, זי זינד מיין גרעסטער שונא
כ'וועל אויסראָטן זיי פון דער ערד, די יודן, די געמיינע.

**כאָר:**

אין דר'ערד וועלן זיי האָבן דיך, די יידעלעך די פיינע

**העראָלד:**

און איר, קאָלעגן שפילער, סאָלדאַטן, יעדנעראַלן
יידן, גויים, מיניסטאָרן, דינער, פעלדמאַרשאַלן
בתולות, ווייבער, קליין און גרויס
קומט, זייט מוחל, דאָ אַרויס...
האַר קאַפּעלמייסטער, איך מיין אייך אויך
רייבט א מאַרש, ס'זאָל גיין א רויך!
אצינדערט נעמט זיך אַלע פאַר די הענט
ווייזט דעם עולם וואָס איר קענט!...

(מוזיק שפּילט אַ פריילעכס; אַלע שפּילער נעמען זיך פאַר די הענט, דעפילירן דורך פאַרן עולם און גייען אַרויס)

פ אָ ר ה א נ ג.

# ערשטער אקט

**הערָאלד:**

(פאַרן פאָרהאַנג) ויהי בימי אחשורוש... און עס איז געווען אין די טעג פון אחשורוש... דאָס איז דער אחשורוש, וואָס האָט געקיניגט פון הודו ביז כוש, איבער הונדערט אין זיבן און צוואַנציק מדינות... און די הויפּט־שטאָט פון זיין מלוכה איז געווען שושן־הבירה.

וועל איך אייך איצט, מיינע דאַמען און קאַוואַלירן
אין דער גרויסער הויפּט־שטאָט, אין שושן, טאָן פירן
(זינגט) אריין, אריין, אריין, אריין
שושן־הבירה, דו מיין !...
אריין, אריין, אריין, אריין
שושן־הבירה, דו מיין !...

(עס הויבט זיך אויף דער פאָרהאַנג. אַ פּלאַץ פאר אחשורוש'עס פּאַלאַץ. אין הינטערגרונד — אַ טויער, ביי וועלכן עס געפינט זיך אַ וועכטער־ביידל. אַ פינצטערע נאַכט. פון הינטער דער בינע דערטראָגן זיך, פון צייט צו צייט, שכורע קולות און געלעכטער. דער פּלאַץ איז פּוסט. פון וועכטער־ביידל הערט זיך אַ הילכיקע כראָפּעריי)

**מרדכי:**

(קומט אַריין, ברומט בגילופנדיק)
פון וואַנען קומט אַ ייד ?..
פון וואַנען קומט אַ ייד ?
פון וואַנען קומט אַ ייד ?... אַ יי־יי־ייד ?...
פון שושן הבירה, פון שושן הבירה.
וואָס טוט מען אין שושן הבירה ?
וואָס טוט מען אין שושן הבירה ?
וואָס טוט מען אין שושן הבי־י־י־ירה ?
מען טרינקט בראָנפן און מען הוליעט
און מען טאַנצט אַ קאַראַהאָד
אין שושן הבירה... אין שושן הבי־י־י־ירה
(ציקלט זיך חזניש)

**פ ר ש נ ד ת א :**

(פון ביידל) צו אלדע שווארצע רוחות !... ווער איז דאָרט ?!

**מ ר ד כ י :**

אַ מענטש, רב קרוב... אַ גאָטספאַרכטיקער מאַן... זיינס גלייכן איז אויף דער וועלט ניט פאַראַן...

**פ ר ש נ ד ת א :**

וואָס רייסטו זיך דעם גאָרגל אין מיטן דער נאַכט ווי דו וואָלסט געווען אין אַ שענק ?...

**מ ר ד כ י :**

פערל שיטן זיך פון דיין מויל, רב ידיד... גאַנץ שושן הבירה איז היינט איין גרויסער שענק... אונדזער קיניג אחשורוש ירום הודו האָט באַפוילן מען זאָל זיך משמח זיין... גיסט זיך אין די גאַסן י״ש און ס׳גיסט זיך וויין...

**פ ר ש נ ד ת א :**

גיי דיין וועג, שכור. לאָז כאַפּן אַ דרימל.

**מ ר ד כ י :**

די ערד, וואָס איך טו טרעטן מיט מיינע פיס, געהערט צום רבונו של עולם און צו אונדזער אַלמעכטיקן קיניג אחשורוש... דאָ שטיי איך און דאָ וועל איך שטיין. איי וואָס, טאָמער געפעלט עס דיר ניט ?... וועל איך מיך טאַקע אַניידערליינגן. (ציט זיך אויס) ניט המן און ניט זיינע כלבים וועלן מיך פון דאַנען ניט אַראָפּטרייבן...

**פ ר ש נ ד ת א :**

וואָס ?!... ווי האָסטו געזאָגט ?!...

**מ ר ד כ י :**

ווער עס האָט אויערן, זאָל האָרכן... המן און זיינע כלבים, האָב איך געזאָגט. נאָך אַ מאָל — זיינע כלבים און ווידער אַ מאָל — זיינע כלבים...

**פ ר ש נ ד ת א :**

איין רגע, איך צי נאָר אַרויף די שטיוול... ווער נאָר דערווילע ניט קיין האָז, האַ ?...

**מ ר ד כ י :**

איך — אַ האָז ?!... מאַכסט חוזק, רב ייד. וואָס בין איך



— אַן איש חייל ? אַן אָפיציר, אַ יעדנעראַל — כ׳זאָל שמעלן פיס ?...

**פ ר ש נ ד ת א :**

נו, נו, מירן באַלד זען. (גייט אַרויס פון ביידל, מיט אַ לאַמטערנע) העי, דו, ווו ביסטו ?...

**מ ר ד כ י :**

(ליגנדיק, זינגט) אין שושן הבי־י־ירה...

**פ ר ש נ ד ת א :**

ווי הייסטו ?...

**מ ר ד כ י :**

איך הייס — דו זאָלסט זיך אָפּטראָגן פון דאַנען.

**פ ר ש נ ד ת א :**

ווו ביסטו געבוירן געוואָרן ?...

**מ ר ד כ י :**

ביי מיין מאַמען אין בעט.

**פ ר ש נ ד ת א :**

אהאַ, האָסט מורא צו זאָגן ווי מען רופט דיך...

**מ ר ד כ י :**

אַז מען דאַרף מיך, רופט מען : פעטער, זייט זשע מוחל...

**פ ר ש נ ד ת א :**

(אויפגעבראַכט) מה שמך, זשיד פּאַרכאַטי ? !... ווייז אַקאָרשט דיינע פאַלשע פּאַפּירן !...

**מ ר ד כ י :**

שאַ, זע נאָר אַ ביסל ווי ער האָט זיך עס צעשריגן, סאַראַ טומל ער מאַכט... (הויבט זיך אויף פּאַמעלעך, גענעצט, ציט זיך, קראַצט זיך ; פרשנדתא גענעצט אויך, אויפן קול ; ביידע וואָרטשען) צו דער תורה רופט מען מיך אויף : יעמוד רב מרדכי ברב יאיר מפטיר...

**פ ר ש נ ד ת א :**

מרדכי בן יאיר ?!...

**מ ר ד כ י :**

בן יאיר, בן שמעי, בן קיש...

**פ ר ש נ ד ת א :**

א מאַן פון בנימין ?!...

**מ ר ד כ י :**

שטימט אויף א האָר.

**פ ר ש נ ד ת א :**

געקומען פון ירושלים ?!...

**מ ר ד כ י :**

פון וואַנען דען ?... פון דער לבנה ?...

**פ ר ש נ ד ת א :**

(לויפט צו מיט דער לאַמטערנע, באַלויכט מרדכין) מרדכי הצדיק, ווי איך בין א ייד !.

**מ ר ד כ י :**

(הויבט אויף די לאַמטערנע צו פרשנדתאס פנים) פרשנדתא, א כפרה זאָלסטו ניט ווערן !... (כאַפּט זיך אַרום קושן)

**פ ר ש נ ד ת א :**

לאָמיר דיר נאָר אָפּשטעקן א רעכטן שלום עליכם, מרדכי הצדיק... גיב אַקאָרשט די פינפטל !... (קוועטשט אים די האַנט)

**מ ר ד כ י :**

איי, ניט געדאַכט זאָלסטו ווערן, נכפּהניק דו !... די ידים, זע איך, זיינען דיר גאָט צו דאַנקען ניט אָפּגעדאַרט. באַווייז נאָר א ביסל דעם פּרצוף דיינעם... (באַלויכט אים) דערזעלבער פרשנדתא ווי געוועזן.

**פ ר ש נ ד ת א :**

און דיר אויך — ס'זאָל פעלן א האָר. ווי קומסטו אצינד קיין שושן ?

**מ ר ד כ י :**

אוי, ברודער, לאַנג צו דערציילן... (ווערט ערנסט, זיפצט; שטילער) קוים מיטן לעבן אַוועק פון ירושלים.

**פ ר ש נ ד ת א :**

א ?!...

**מ ר ד כ י :**

המנס כלבים, ימח שמם ! כבין ניצול געוואָרן ממש דורך א נס.



אזוי ?!...

**מ ר ד כ י :**

איך און א פלימעניטשקע — מער קיינער ניט פאַרבליבן. קיינער ניט. (זיפצט) כ'האָב זי טאַקע געבראַכט אַהער, די פלימעניטשקע מיינע. אפשר וועט זיך דער אויבערשטער דערבאַרימען אויף איר. וואָלסטו זי אָנגעקוקט — א מיידל, ווי די ליכטיקע זון. שיין, קלוג, א בריה, א בראַנד. איין חסרון נעבעך : א בת ישראל.

**פ ר ש נ ד ת א :**

און וואָס איז מכח פרנסה ?...

**מ ר ד כ י :**

פרעג בעסער ניט. המנס גזירות האָבן מיך געמאַכט בדיל הדל. געבליבן נקי, אָן א ביסן ברויט. האָב איך זיך געמוזט נע-מען, אויף די עלטערע יאָרן, צו שדכנות. א ברירה ?!...

**פ ר ש נ ד ת א :**

(קראַצט זיך די פאה) דוכט זיך, עס שטייט ניט געשריבן אין דער מגילה, מרדכי הצדיק זאָל זיין א שדכן...

**מ ר ד כ י :**

הויבט זיך אָן א מעשה !... א סך זאַכן האָבן זיך אונדזערע חכמים און סופרים ניט געחלומט אפילו — און היינט זיינען זיי וואָר. (לעבעדיקער) פאַרשטייסטו מיך, אז איך בין א שדכן, האָב איך המנען ניין איילן אין דער אדמה. אדרבה, זאָל ער אַקאָרשט פאַרווערן חתונה האָבן... און אגב (שטילער) א שדכן קוקט און זעט, און הערט, און לאָזט פאַלן א וואָרט דאָ, און לאָזט פאַלן א וואָרט דאָרטן... ווער ווייסט ?... אז גאָט זאָל נאָר וועלן, קאָן אמאָל מרדכי בן יאיר אויסשדכנען פאַר המנען דעם רעכטן מלאך המות...

**פ ר ש נ ד ת א :**

אמן ! האָסטו אָבער כאָטש חיונה ?

**מ ר ד כ י :**

אזא יאָר אויפן אנגי !

(זינגט)

א ביסל פון שדכנות
א ביסל פון בדחנות
אויף יום־טוב, אָן ליצנות
פון שחיטה און חזנות
מען ציט דאָס שטיקל ברויט — אויף המנען
א טויט.
ברויט אויף אינדערוואָכן, אויף שבת —
פלייש און פיש
מרדכי בן יאיר, בן שמעי און בן קיש

גלויב מיר בנאמנות
מען מוטשעט זיך סכנות
קבצנות און דלפנות
ס'איז ממש א רחמנות
ס'קומט שווער דאָס שטיקל ברויט — אויף
המנען א טויט.
ברויט אויף אינדערהוואָכן און יו"ש צום שבת־
טיש
מרדכי בן יאיר, בן שמעי און בן קיש.

נו, איצט, פרשנדתא, דערציייל זשע וואָס ביי דיר הערט זיך. שיינט מיר (באַלויכט אים נאָך אַ מאָל) ס'זיינען דיר צוגעקומען א פּאָר גילדערנע קנעפּלעך אויפן היטל...

**פרשנדתא:**

(שטאָלץ) אָפיציר פון דער קיניגלעכער גוואַרדיע!

**מרדכי:**

טע־טע־טע!... הערסט א מעשה? זאָג מיר נאָר, ס'האָט דיר גאָרניט פאַרשאַט צום עסק די באָבע דיינע, די יידישקע?...

**פרשנדתא:**

ששש... ווי גאָט איז דיר ליב, מרדכי... וועגט האָבן אויערן... (קוקט זיך אַרום) ס'איז א שקר־בלבול!...

**מרדכי:**

וואָס איז א שקר־בלבול?...

**פרשנדתא:**

מיין באָבע, די יידישקע, איז געווען ניט מיין באָבע, נאָר בסך הכל — מיין שטיף־באָבע...



**מרדכי:**

הא?...

**פרשנדתא:**

זאָלסט אַזוי וויסן!... מיין זיידע, א ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן, האָט פאַרמאָגט זיין אייגנס דריי ווייבער. איינע פון פרס, די צווייטע פון כוש און די דריטע — פון ישראל, וואָס האָט געהייסן זלפה. איז בעת המן האָט ארויסגעגעבן די גזירה אויף דער יידישער באָבען, האָבן מיר באַוויזן מיט עדות, קלאָר ווי דער טאָג, אַז זלפה איז געווען א בעז־דעטניצע.

**מרדכי:**

ווער זיינען דאָס געווען די יאָר־עדות?...

**פרשנדתא:**

טאַקע אַלע זלפהס קינדער!... מיין טאַטע אויך בתוכם. שטאַמט דעריבער אונדזער באָבע ניט פון ישראל, נאָר פון פרס און מיר געהערן אַלע צום ריינסטן שבט פון די אַריאַס.

**מרדכי:**

פיינע בריהס!...

**פרשנדתא:**

ניט מער — ס'איז סיי ווסיי ביטער. (שטילער) עס האַלט ביי מלחמה. קעגן די העלענער. כ'וועל דיר אויסזאָגן א סוד: מיט דריי וואָכן צוריק האָט המן באַפוילן צו אַלע חיילות פון פרס ומדי — מען זאָל איבערשמידן די שווערדן און זיי באַשמירן מיט ציגנפעטס. דער אמתער סימן. (זיפצט; רוקט זיך צו נענטער) א סברה, אַז אונדזערע מלחמה־שיפן שטייען שוין ניט ווייט פון די העלענישע ברעגעס. המן טוט, וואָס ער וויל און פרעגט ביי קיינעם קיין דעה ניט.

**מרדכי:**

און דער זיגלרינג?

**פרשנדתא:**

ווייס איך וואָס!... אַז אַלץ איז גרייט, מאַכט המן א גרויסע סעודה—אַט, ווי היינט אשטייגער—וכטוב לב־המלך ביין, בעת דעם קיניגס האַרץ ווערט פריילעך פון וויין, רוקט המן אונטער דעם באַפעל און זאָגט: אדוני מלך, זיגל, זיי מוחל, מיט דיין

זינגלרינג דאָס דאָזיקע געשריפטס — ס'וועט זיין דיר לטובה, מיר לטובה און צום געזונט פון אלע אונטערטאַנען פון פרס ומדי... (שפּייט אויס) טפו, ס'איז מיר אַזש טרוקן געוואָרן אין האַלדז. זיי אַ גוטער ברודער, מרדכי, שטעל זיך אַ ווײַלע אין בויד, אַנשטאָט מיר. כ'וועל נאָר אַ שפּרונג טאָן זיך דורכ־שווענקען דעם גאָרגל אַ ביסל.

**מרדכי:**

אַ נייעם שומר געפונען פון קיניגלעכן פּאַלאַץ.

**פרשנדתא:**

גיי שוין, ס'איז דען פאַראַן וועמען צו היטן?... זיך אָנגעשכורט אַלע, ווי די חזירים. טו אַ טובה, מרדכי. נאַ, גורט אָן מיין שווערד...

**מרדכי:**

ס'זאָל אַמאָל עפּעס ניט אַרויסקומען...

**פרשנדתא:**

לאָך זיך אויס. אָטאָ שוין בין איך צוריק. און כ'וועל ניט קומען מיט ליידיקע הענט, דאגה ניט... (לויפט אַרויס).

**מרדכי:**

(אַליין) מוחל די מתנות דיינע, מוחל... אַזוי אויך, אָן איבע־ריקע כוסה גענומען... היינטיקע צייטן נאָך — ממש אַ סכנה פאַרן לעבן. אַ גליק — אַרויפגעפאַלן אויף פרשנדתאָן. (זיפצט, גייט אַריין אין בויד, גענעצט, ברומט אונטער דער נאָז. אַ ווײַלע שטיל. עס שלייכן זיך אַריין בגתנא און תרש).

**בגתנא:**

תרש!...

**תרש:**

וואָס איז, בגתנא?...

**בגתנא:**

דוכט זיך, עמיץ שטייט דאָרט...

**תרש:**

ווו?...

**בגתנא:**

(ווייזט מיטן פינגער) אָן — דאָרטן...



**תרש:**

(גייט צו אַ קוק טאָן, געפינט קיינעם ניט) ביסט שכור, צו אַלדע רוחות!... וואָס חלומט זיך דיר?...

**בגתנא:**

קיין טראָפּן אין מויל ניט געהאַט...

**תרש:**

טאָ האַלט זשע קאָפּ און הער.

**בגתנא:**

ניין, ניין!... וואַרט אַ ווײַלע... ווער איז היינט וואַכט־אָפיציר?

**תרש:**

פרשנדתא. ער שלאָפט, ווי אַ געהרגעטער.

**בגתנא:**

טו פריער אַ קוק.

**תרש:**

(גייט צו צום בוידל) פרשנדתא!... (ס'הערט זיך פון אינעווייניק אַ שנאָרכן).

**בגתנא:**

(אַ ביסל העכער) פרשנדתא!... (אַ שנאָרכן)

**תרש:**

הערסט דאָך — ער שלאָפט.

**בגתנא:**

(העכער) פרשנדתא, קום נעמען אַ כוסה!... (שנאָרכן; בגתנא רופט נאָך העכער) קום מאַכן אַ שנאַפּס, פרשנדתא!... (שנאָרכן)

**תרש:**

איצט זעסטו שוין, אַז ער שלאָפט...

**בגתנא:**

יאָ, אויב ער ענטפערט איצטער ניט, שלאָפט ער טאַקע אויף אָן אמת...

**תרש:**

איז נאַ, קודם כל באַהאַלט דאָס פלעשעלע. וואָס טאַפּסטו עס אַזוי אַרום, וואָס?!!

**בגתנא:**

איך טאָפּ ניט, תרש... דאָס ציטערן מיר נעבעך די הענט אַזוי...

**תרש:**

זיי אַ מענטש, בגתנא!...

**בגתנא:**

גרינג צו זאָגן: זיי אַ מענטש, אַז עס טרייסלט מיר אַ צאָן אין אַ צאָן....

**תרש:**

הער מיט קאָפּ! מאָרגן ביינאַכט, צו דער וועטשערע, היטן מיר די קיניגלעכע שוועלן. בעת דער שר המשקה וועט דיר איבערגעבן די ווײַן פאַרן מלך, זאָלסטו אומבאַמערקט אַרײַנגיסן אין בעכער דאָס וועסערל פון פלעשעלע. דעם בעכער וועל איך צוטראָגן צום קיניג און דו וועסט דערווײַלע געבן אַ שלײַדער דאָס פלעשעלע אין טײַך אַרײַן, וואָס אונטער די פענצטער פון פּאַלאַץ. דו הערסט, צי ניין?!....

**בגתנא:**

איך הער, אוודאי הער איך...

**תרש:**

אַרײַנוואַרפן אין טײַך תּכף ומיד... פאַרשטייסט?... ווײַל אין פלעשעלע איז פאַראַן סם... (פון ביידל הערט זיך אַ קלאַנג, ווי עפּעס וואָלט אומגעפאַלן)

**בגתנא:**

(מער טויט ווי לעבעדיק) געוואַלד, תרש, מיר זײַנען קאַפּוט!!

**תרש:**

שריי ניט, פּיפּערנאָטער!... (גייט צו פאַרזיכטיק צום ביידל) העי, פרשנדתא!... (עס ענטפערט אים אַ הילכיקער שנאָרך) פרשנדתא!... (דאָס זעלבע) ער האָט זיך אַפּנים איבערגעדרייט אויף דער לינקער זײַט. וווּ לויפסטו, וווּ?...

**בגתנא:**

קיין איין רגע בלײַב איך דאָ ניט מער.

**תרש:**

איי, בגתנא, בגתנא, ווען וועסטו שוין ווערן אַ שטיקל מענטש?...



**בגתנא:**

כ'האָב מורא, תרש — ערשט אויף יענער וועלט... (לויפט אַרויס, תרש נאָך אים).

**מרדכי:**

(רוקט אַרויס דעם קאָפּ פון ביידל, קוקט זיך אַרום און שלײַכט זיך פאָרזיכטיק אַרויס) רחמנא לצלן!... גזלנים, מערדער!... ווער ווייסט, וועמענס האַנט עס פירט זיי... אפשר גאָר המנס... גאָט זאָל שומר ומציל זײַן... די ערשטע זאַך — מאַך ויברח פון דאַנען, מרדכי בן יאיר, צי אַפּ ווי די באַן, כּל זמן די ביינער זײַנען דיר גאַנץ. טאָמער חלילה דערווישן מיך דאָ די גזלנים, בין איך הס ושלום מיטן נפש ניט זיכער... (לויפט שנעל דורך די בינע, פאַרהאַלט זיך אַ ווײַלע פאַרן אַרויסגיין) און איצטער, אַז איך שטיי שוין מיט איין פוס אויף יענער זײַט, לאָמיר זען, צי די גאַנצע מעשה איז אַמאָל ניט צוגעשיקט מן השמים... (גייט אַרויס; פון דער צווייטער זײַט קומען אַן המן און דער שטערנזעער).

**המן:**

שטערנזעער, פרעג ד שטערנס, צי היינטיקע נאַכט איז מיר מזלדיק.

**שטערנזעער:**

איך פרעג, מײַן האַר.

**המן:**

שטעל אָן גוט דײַן שפּאַקטיוו און גיב מיר איבער ריכטיק זייער תשובה..

**שטערנזעער:**

יאָ, מײַן האַר...

**המן:**

וואָס זעסטו, שטערנזעער?

**שטערנזעער:**

אויפן זיבעטן הימל, אין פינפטן געצעלט, אײַנגעצוימט אין דרײַעק פון פורניות, באַווײַזט זיך דער אָריאָן־שטערן. ער ווערט רויט און גיסט זיך אָן מיט בלוט.

**המן:**

וואָס באַטײַט עס, שטערנזעער?...

**שטערנזעער:**

פארשיידנס, מיין האר. אומגליקלעכע ליבע און שלאפער מאגן, א מגפה אויף בהמות און דריילינגען פאר ארימע געווינערינס, בייזע בלאטערן, מלחמות...

**המן:**

מלחמות!... יא, עס וועט זיין מלחמה. די שווערדן פון פרס ומדי וועלן זיך איגניכן צעקלינגען אויף די פעלדער פון גריכנלאנד. שטערנזעער, זאגט ניט אמאל דער אריאן־שטערן, אז דאס לאנד פון די העלענער ליגט אין אונדזער לעבנס־רוים?

**שטערנזעער:**

אלע שטערנס פון אלע זיבן הימלען זאגן, פרינץ המן, אז יעדעס רוים, וווּ מען קאן נאר לעבן, איז אונדזער לעבנס־רוים

**המן:**

ריכטיק, שטערנזעער. באקומסט א גילדערנעם רענדל דערפאר. און וואס זעסטו איצט?...

**שטערנזעער:**

אין ניינטן געצעלט זע איך דעם זיבן־שטערן. ער איז איינגעצוימט אין פיר־עק פון גדולות.

**המן:**

און דאס, וואס באטייט?

**שטערנזעער:**

גוטע חתנים און א גערעטעניש אויף אייזלען, לאטעריי־געווינסן און זיסע ליבע־שמערצן, און אויסכאפעניש אויף טפשים, מיליטערישע נצחונות...

**המן:**

מיליטערישע נצחונות!... גרויסע נצחונות! און וואס פאר א מזל ליגט דער זיבן־שטערן?

**שטערנזעער:**

אין מזל פון לייב, מיין האר. און זיין בילד איז: א לעמפערט, וואס פארצוקט א שעפעלע. דער לעמפערט — דאס ביסטו, פרינץ המן; דאס שעפעלע — דאס איז דאס לאנד פון די העלענער, וואס וועט פון דיר פארצוקט ווערן.



**המן:**

איך וויל ניט אומברענגען גריכנלאנד: כ'וויל עס בלויז באצווינגען, ארייפלעכטן אין דער קרוין פון פרס ומדי. שטערנזעער, זאגט ניט אמאל דער זיבן־שטערן, אז די גריכן גארן נאר, איך זאל טאן מיט זיי מיין ווילן?

**שטערנזעער:**

אלע שטערנס פון אלע הימלען זאגן, פרינץ המן, אז ווו עס איז נאר פאראן א פאלק אויף דער וועלט, גארט עס און טרוימט צו באצווונגען ווערן דורך דיין מעכטיקן ווילן, פונקט ווי א יונג־פרוי גארט און טרוימט צו באזעסן ווערן פון איר באשערטן.

**המן:**

צי וויסן עס די מלוכה־מענער פון גריכנלאנד?...

**שטערנזעער:**

ווייסט דען די ערד, אז זי בענקט נאכן טוי פון פרימארגן, אז זי גארט נאכן רעגן פון די הימלען?... דיין מעכטיקער ווילן איז ווי דער רעגן, וואס באלעבט די פארטריקנטע ערד.

**המן:**

ריכטיק, שטערנזעער. נא, אט האסטו נאך א גילדערנעם רענדל. זאג מיר — איז מזלדיק הייטיקע נאכט אויף אויסצושרייען דעם גרויסן מלחמה־געשריי קעגן די גריכן?... וואס זאגן וועגן דעם די שטערנס?

**שטערנזעער:**

עס האט זיך אנגעצונדן דער פאלאר־שטערן, פרינץ המן. ער געפינט זיך אין מזל פונעם פיילן־טרעגער. און זיין בילד איז: א שיסער, וואס לעכערט דורך דאס הארץ פון דעם שונא. קאנסט אויסשטרעקן דיין ארעם, מיין האר. אלע הימלישע מזלות רוען די נאכט איבער דיין קאפ.

**המן:**

שטערנזעער, אט האסטו נאך דריי גילדערנע רענדלעך. איצט לויף געשווינט און בעט, אין מיין נאמען, ארייצוקומען אין קיניגלעכן זאל דעם מלך אחשורוש און זיינע בעלי־יועצים.

**שטערנזעער:**

איך גיי, מיין האר. (גייט ארויס).

**המן:**

(אליין) צי קענט איר המנען, דעם זון פון המדתא?... ניין?!... איר קענט אים ניט?!... איר וועט אים קענען! די זין פון הודו ציטערן אויף, דערהערנדיק מיין נאמען; די פרסים און מצרים, די בבלים און אשורים בוקן זיך צו מיר, ווי צו א גאט. ביז די ראנדן פון דער ערד, אינם ווייטן כוש אפילו, פארגעטערט מען מיך, אדער מען האט פאר מיר מורא. איך שלינג לענדער, ווי ארבעס. כ'פארטרייב מלכים, ווי די פליגן. המן בן המדתא, דער הימל איז מיט דיר און די ערד וועט זיין דיינע! (גייט ארוים).

**שטערנזעער:**

(פון הינטער דער בינע) קאלעגע הערואלד!... קאלעגע הע־ראלד!... (קומט אריין).

**הערואלד:**

(גייט אים אנטקעגן, פון דער צווייטער זייט) וואס, קאלעגע שטערנזעער?

**שטערנזעער:**

איך זוך דיך ארום און קאן ניט געפינען.

**הערואלד:**

האסטו געדארפט פרעגן די שטערנס, וווּ איך בין...

**שטערנזעער:**

מאכסט חוזק פון אן עלטערן מענטשן...

**הערואלד:**

דאס מאכסטו חוזק פון דער וועלט.

**שטערנזעער:**

ווייס איך וואס דו רעדסט, קאלעגע. כ'האב א ווייב מיט קינ־דער. איך ברויך היונה. דאס שטיקעלע פרנסה, קאלעגע הע־ראלד. זיי מוחל, רוף אריין אהער דעם קיניגלעכן זאל.

**הערואלד:**

כ'וועל דיר צוליב טאן, שטערנזעער. קאנסט גיין אהיים.

(שטערנזעער גייט ארוים; הערואלד זינגט)

אריין, אריין, אריין, אריין
קיניגלעכער זאל, דו מיין!...



**כאר:**

(פון הינטער דער בינע) טראלא־לא־לא!... טראלא־לא־לא!...

(עס שפילט מוזיק; אויף א גילדערנעם טראן פירט מען אריין אחשורושן; נעבן אים האלטן זיך זיינע דריי בעלי-יועצים: ממוכן, מזומן און כפרתי; ארום — הויפלייט און הויפדאמען. אלע זיינען טויט-שכור. המן קומט אריין און פארנויגט זיך צערע-מאניעל פארן מלך)

**אחשורוש:**

המן, עפן אויף דאס מויל, ווי בלעסם אייזל, און זאג דיין פארלאנג... (געלעכטער)

**המן:**

אויב דיר איז ווילגעפעלן, אדוני מלך, היים ארויסגיין פון דאנען דעם שר־המשקה, די כלזמרים און די ווייבער...

**אחשורוש:**

שר־המשקה — הלך, געגאנגען!... כלזמרים, ווייבער — פשאל!... (העכער) פשאל וואן!!! (אלע גייען ארוים) נו, ארוים מיטן לשון, המן!.... וואס ביי א ניכטערן אויפן לונג, איז ביי א שכורן אויף דער צונג... (אלגעמיינער געלעכטער)

**המן:**

אדוני מלך...

**אחשורוש:**

(רייסט אים איבער) פון בראנפן ווערט מען פריילעך...

**מזומן:**

בראנפן איז דער עיקר...

**ממוכן:**

(פארהיקעוועט זיך) פ־פון בראנפן ווערט מען ש־שכור... (גע-לעכטער)

**המן:**

(העכער) מאיעסטעט!...

**אחשורוש:**

(ווי פריער) אז מען איז שכור, לייגט מען זיך אין בעט...

**כפרתי:**

אין בעט זאלסטו ליגן...

**מזומן:**

עסן זאָלן דיך פליגן...

**ממוכן:**

פ־פליגן זאָלן דיך עסן...

**אחשורוש:**

גאָט זאָל אין דיר פאַרגעסן... (גרויס געלעכטער)

**המן:**

(נאָך העכער) אדוני מלך! !...

**אחשורוש:**

פון בראָנפן ווערט מען מער פריילעך...

**כפרתי:**

פריילעך ווערט מען פון ווייַן...

**ממוכן:**

מען ג־גייט אין ט־טריאַטער אריין... (קייכן פאַר גרויס שמחה)

**המן:**

(שרייט) פאָטער־קיניג, פרס ומדי איז אין געפאַר!!! מען
וויל אונדז דערשטיקן !...

**אלע:**

(פּלוצלונג אויסגעניכטערט) דערשטיקן ? !... ווער ? !...

**המן:**

די יידן און די גריכן.

**אלע:**

וועמען ? !...

**המן:**

אונדז, דעם איידעלן שטאַם פון די אריאַס !

**בעלי־יועצים:**

(שטיל) אריאַס־שמאַריאַס...

**המן:**

(זינגט) אויף דעם פלאַכלאַנד פון איראַן
איז אַ שטאַם אזא פאַראַן

**אחשורוש, בעלי־יועצים:**

טשירי־באַם, טשירי־באַם, טשירי־באַם, באַם.



**המן:**

שטאָלץ און איידל, שיין און גוט
טונקט אין חכמה, גלאַנצט מיט מוט

**אחשורוש, בעלי־יועצים:**

טשירי־באַם, טשירי־באַם, טשירי־באַם, באַם.

**המן:**

ס'איז דער אריער־שטאַם פאַראַן
אין איראַן, אין איראַן

**אחשורוש, בעלי־יועצים:**

טשירי־באַם, טשירי־באַם !...

**המן:**

די וועלט געהערט צו אונדז, דעם פאָלק פון די האַרן, דעם פאָלק פון די הערשער! די יידן האָבן געפרוווט אונדז ארומרינגלען מיט פיינטלעכע לענדער, האָבן מיר איינגענומען די לענדער איינס נאָכן אנדערן: הודו און סקיטן־לאַנד, בבל און מצרים, ישראל און דעם שווארצן כוש — הונדערט און זיבן און צוואַנציק מדינות. און די ימים — ווי די יבשה. דער ים־סוף געהערט צו אונדז. דער שווארצער ים איז אונדזערער. אויפן העלעספאָנט וואַכן אונדזערע שיפן. אָבער צום צפון פון דיין קיניגרייך, מיין האר, געפינט זיך דער ים הגדול, דער גרויסער ים, וואָס ליגט אין מיטן פון אלע לענדער. און אָט דעם ים, אדוני מלך, מוזן מיר האָבן. מיר ברויכן אים נויטיק, ווי לעבן. „מאַרע נאָסטרום, מאַרע נאָסטרום"! דער ים הגדול מוז זיין אונדזערער! און דעריבער גייען מיר קיין גריכנלאַנד.

**אחשורוש:**

ע... די גריכן זיינען דען אויך יידן ?...

**המן:**

ניין, אדוני מלך. זיי זיינען אריער און דווקא כשרע אריער. אָבער זיי האָבן זיך געלאָזט פאַרפירן פון די יידן און זיינען געוואָרן אַ בלינד געצייג אין די יידישע הענט. און אַגב, פאָטער־קיניג, כ'וועל דיר אויסזאָגן אַ סוד: גריכנלאַנד איז בלויז אַן אָנהויב. צום צפון פון ים הגדול ליגן נאָך אנדערע לענדער — רייך אין זילבער און אין גאָלד, אין חיות, תבו־

אות און פּרוכטן מכל המינים. אַלץ וועט זיין דיינע, אדוני מלך! דיר וועט געהערן סיי די ערד, וואָס אַלע קענען זי און ווייסן, סיי די גרויסע אינדזלען, וואָס דער געניאַלער קאָלומבוס וועט אם ירצה השם אַנטפּלעקן. און ס'וועט זיין אַזוי, ווי איך האָב געזאָגט: אונדזער פֿאָלק, דאָס האַרן־פֿאָלק, וועט הערשן איבער דער וועלט און די גאַנצע וועלט מיט קנעכט וועט אונדז באַדינען. (קורצע פּויזע; אונטערטעניק) אויב דיר איז וווילגעפעלן, אדוני מלך, לייג צו דעם זיגלרינג צום דאָזיקן באַפעל.

**אחשורוש:**

ע... וואָס שטייט דאָרט אַזוינס?...

**המן:**

באַפעל פון אַלמעכטיקן קיניג אחשורוש צו זיינע רומפולע חיילות, זיי זאָלן באַוויליקן איינגעמען דאָס לאַנד פון די גריכן...

**אחשורוש:**

ע... בע... (פּלוצלונג, פאַרשטייענדיק) מלחמה?!...

**בעלי-יועצים:**

(שוין אינגאַנצן ניכטער) מלחמה?!... ווידער?!...

**המן:**

אדוני מלך, דו ווייסט דאָך, ווי פּרינץ המן פירט מלחמה. די גריכן האַלטן שוין גרייט די שליסלען פון זייערע שטעט. זיי וואַרטן בלויז אויף אונדזערע אַרמייען. זיגל דעם באַפעל, אדוני מלך...

**בעלי-יועצים:**

(שטילערהייט) לא, אדוני מלך!...

**המן:**

לייג צו דיין זיגלרינג, אַלמעכטיקער אחשורוש...

**בעלי-יועצים:**

(ווי פריער) לא — מיט אַן אַלף!

**אחשורוש:**

ע... בע... אפשר א ישוב האַלטן?... האַ?...



**בעלי-יועצים:**

אוודאי, אוודאי!...

**אחשורוש:**

ע... די מלכה זאָל געזונט זיין, האָט פיינט מלחמות... ע... אפשר פרעגן ביי דער מלכה, האַ?...

**ממוכן:**

(וויל ריידן שנעל, פאַרהיקעוועט זיך נאָך מער ווי שטענדיק) אַ מ־מנהג, אדוני מ־מלך, אַן אַלטער מ־מנהג אין פּ־פּרס... ש־שואל עצה זיין זיך מיט דער מלכה...

**אחשורוש:**

ע... טאַקע אַזוי... פרעגן ביי דער מלכה... אַריינרופן די מלכה...

**מזומן:**

זאָלן טאַקע אַלע הערן דאָס וואָרט פון דער מלכה

**המן:**

גערעכט. אָבער, אדוני מלך, אויב דו ווילסט, מען זאָל זיך צוהערן צום קול פון אונדזער הייס־געליבטער קיניגין, מוזטו זען ראַטעווען פריער איר כבוד.

**אחשורוש:**

ע... איר כבוד?!...

**המן:**

דאָס האַרץ פון דיין געטרייען דינער טוט צעפּלאַצט ווערן פאַר יסורים, הערנדיק אַלע שמוציקע בלבולים, וואָס די שונאים פון דיין טראָן פאַרשפּרייטן קעגן דער קיניגין ושתי. מען זאָגט — ניט נאָר אַ האָרן אויפן קאָפּ האָט אונדזער הייס־געליבטע מלכה, נאָר זי האָט אויך געקריגן הינערשע פיס...

**אחשורוש:**

הינערשע פיס?!...

**המן:**

הינערשע פיס, אדוני מלך! מען זאָגט נאָך: איר קיניגלעכע לייב איז אינגאַנצן באַדעקט געוואָרן מיט געלע פעדערן, ווי ביי אַ קוואָקע...

**אחשורוש:**

(שטיקט זיך אַזש פאַר אויפרעגונג) ע... אַ ליגן!... אַ בלבול!...

**המן:**

אדוני מלך, איך פֿאַרשווער דיר, אין נאָמען פֿון פרס ומדי: הײס אַרײַנרופֿן די מלכה און זאָל זי דערשײַנען אין די בגדים פֿון אונדזער מוטער חוה. זאָל די גאַנצע וועלט זען, אַז די קיניגין ושתּי איז נאָך אַלץ די שענסטע פֿרוי פֿון דײַן מדינה!...

**בעלי-יועצים:**

אָבער...

**המן:**

פֿאַרמאַכט דאָס מויל, זאָג איך אײַך!... טוט וואָס דעם מלך איז ווױלגעפֿעלן!... ניט אמת, פֿאָטער־קיניג, דיר איז ווױל־געפֿעלן, די מלכה זאָל אַרײַנקומען אַהער נאַקעט און ווײַזן זיך אַזױ פֿאַר אַלע הױפֿלײַט דײַנע?...

**אחשורוש:**

ע... בע... יאָ... זאָל זי אַרײַנקומען...

**המן:**

דערפֿילט דעם מלך'ס באַפֿעל! כּפּרתּי, רוף אַרײַן די מלכה!... מזומן, הײס אַרײַנקומען די הױפֿלײַט!... (כּפּרתּי און מזומן גײען אַרױס; באַלד הױבן אָן אַרײַנקומען הױפֿלײַט, דינער, מו־זיקאַנטן).

**ממוכן:**

און אויב די מ־מלכה וועט ניט וועלן?...

**המן:**

זי מוז וועלן! אַ מלכה, וואָס ווידערשפּעניקט אין ווילן פֿון אונדזער אַלמעכטיקן האַר, איז קײן מלכּה ניט.

**העראָלד:**

(קומט אַרײַן) ווילסט דװקא, קאָלעגע אחשורוש?...

**אחשורוש:**

דווקא, קאָלעגע העראָלד...

**העראָלד:**

געדענק, המן פֿירט דיך אין באָד אַרײַן.

**אחשורוש:**

ע... איך וויל דווקא...



**העראָלד:**

נו, זאָל זײַן, ווי דו ווילסט.

(זינגט) אַרײַן, אַרײַן, אַרײַן, אַרײַן
קיניגין ושתּי, דו מײַן!...

**כאָר:**

טראַלאַ־לאַ־לאַ!... טראַלאַ־לאַ־לאַ!...

(מוזיק שפּילט; ושתּי קומט אַרײַן, באַגלייט פֿון הױפֿדאַמען)

**ושתּי:**

מײַן הײסגעליבטער מאַן, קיניג אונד הערשער — זײַ באַ־גריסט אויף אימער און עוויג!... (פֿאַרנײגט זיך)

**אחשורוש:**

זײַ געגריסט, מלכה ושתּי.

**ושתּי:**

מײַן הײסגעליבטער מאַן אונד הערשער!... איך קאָמע מיך אויף דיזן דומען קערל, אויף דיזן כּפּרתּי צו בעקלאַגן. ווי וואַגט ער זאָ אײַן שמוציקן שפּאַס מיט מיר צו טרײַבן, מיט מיר, דײַן טרײַע פֿראַו, די קיניגין פֿון פרס ומדי?!!...

**כּפּרתּי:**

אדוני מלך, איך האָב איבערגעגעבן דײַן ווילן...

**אחשורוש:**

ע... ושתּי... ס'איז טאַקע מײַן פֿאַרלאַנג...

**ושתּי:**

אָה, נײַן, גנעדיקער האַר, אַלמעכטיקער אחשורוש!... מײַנע אָהרען האָבן זיכער אײַן אירטום געהאַט!... וואַצו זאָלסטו מיר זאָ אײַן חרפּה אונד בושה אַנטאַן?!... וואַצו זאָל איך מיך גאַנץ נאַקעט פֿיר זאָ אײַן מענגע שכּורע גוים צײַגן?!... אום גאָטעס ווילן, איך בין דאָך אײַן אַנשטענדיקע פֿראַו, אײַנע כּשרע אישה!...

**אחשורוש:**

ע... שאַט ניט... שאַט ניט... ס'וועט דיר גאָרניט זײַן...

**ושתּי:**

אַך, מײַן גאָט, דערבאַרמע דיך!... רעטע מײַן פֿראַוען־ערע!.. אַלמעכטיקער קיניג, הײסגעליבטער מאַן, איך טו צו דיר קניען און בעטן און ווײנען... (פֿאַלט אויף די קני).

**אחשורוש:**

ע... אַן עק!... טו זיך אויס!...

**ושתי:**

מיין גאָט, מיין גאָט!... זאָ איזט אונדזער פינצטערער מזל: איין קיניגין און דאָך — ניכט מער, ווי איינע שקלאַפין... נעמט זיך, אַלע פראַועז, איינען ביישפיל דאַפאָן!... (ווײנט ביטער, הויבט אָן זינגען).

אוי ווײ, ברײנע
די בעסטע שכנה מײנע
מײן הארץ װערט אין מיר פארברענט
זינט איך האָב דעם מערדער דערקענט

ברוין און בלוי האָט ער מיך געשלאָגן
גרין און געל האָט ער מיך געמאַכט
נאָר ס'איז אַ בזיון אויסצוזאָגן
טאָ האָט זשע מיר אַ גוטינקע נאַכט.

אוי ווײ, ברײנע
די בעסטע שכנה מײנע
מײן הארץ װערט אין מיר פארברענט
זינט איך האָב דעם מערדער דערקענט.

(אַלע הויפדאַמען און אַפילו הויפליוט וויינען אויפן קול)

**אחשורוש:**

(שנײַצט הילכיק די נאָז) נו שאַ, נו שאַ!... ווייסט דאָך, וואָס בין איך פאַר אַ מערדער, וואָס? אַז מען מוז!... נו שוין, זאָל שוין זיין די שיך און זאָקן אַליין, זאָל שוין זיין...

**ושתי:**

אַ הימלישער פאַטער, ליבער פאַטער אין הימל!... (הויבט זיך אָן אויסצוטאָן)

**אחשורוש:**

ע... זיי האָבן אויסגעטראַכט, האָבן זיי, אַז אויסער דעם האָרן דיינעם, ע...

**ושתי:**

(גיט זיך אַ ריס אויף, ווי אַן אָפּגעבריטע) וואַ־אַ־אַס?!!...



**אחשורוש:**

דאָס הייסט... ע... כ'בין גאָרניט אויסן... ע...

**ושתי:**

דו וואַגסט צו ריידן וועגן מיין האָרן?!!...

**אחשורוש:**

ע... חס ושלום, ושתי לעבן... ניט איך... ע...

**ושתי:**

מיין האָרן?!... און וויפל הערנער טראָגסטו דאָס, וואָס דו ווייסט אַפילו פון דיין קאָפּ ניט צו זאָגן, ווער עס האָט זיי דיר אָנגעהאָנגען?... (אַלגעמיינער געלעכטער)

**אחשורוש:**

ע... ושתי קרוין...

**ושתי:**

אָנגעזשליאָקעט זיך מיט וויין, ווי אַ חזיר און רעדט, דער אַלטער פיאַניצע, פון שטיין און פון ביין... די מלכה ושתי האָט אַ האָרן... האַ, ווי געפעלט אייך די מעשה?...

**אחשורוש:**

ושתי, לאָז ריידן אַ וואָרט... ניט אַ האָרן, זאָגן זיי, נאָר היינערשע פיס...

**ושתי:**

הינערשע פיס?!... וואָס עס האָט זיך מיר געחלומט היינטיקע נאַכט און נעכטיקע און אייערנעכטיקע, זאָל אויסגיין צו זייערע יאָרן און צו דיין פוסטער, פערדישער קאָפּ!... בהמה!... אַך, מיין הימלישער פאַטער!... וואָ האָבע איך זאָ איינען דומען קערל גענאָמען?!... (געלעכטער)

**אחשורוש:**

יאָ, יאָ... הינערשע פיס און פעדערן...

**ושתי:**

פיאַניצע!... אַניט ווייסטו, וואָס דו בעבעסט?... וואַרט, וואַרט, וועסט זיך נאָך ביי מיר אויסריכטן אַ שוואַרצן סוף!... פחוו נאָר אָקאָרשט אַריינקומען אין שטוב אַריין... נו,נו, וועסט שוין ביי מיר קרענקען און גערענקען!... אַך, מיין גאָט, פיר איין קיניגין איזט דאָס גאַנץ שרעקליך...

**אחשורוש:**

ע... ושתי, פארגעס ניט, ווער איך בין...

**ושתי:**

א ליימענער גולם ביסטו!... (געלעכטער) א שטרויענע ליאלע, אן אויסגעמאָלטער לָמך — דאָס ביסטו!... (געלעכטער)

**אחשורוש:**

ע... איך טו באפעלן, טו איך... מיטן קיניגלעכן באפעל, טו איך...

**ושתי:**

דו — מיר?!... (צעלאַכט זיך הילכיק) הא, קוקט אים נאָר אָן, העם אויפטוער מיינעם!... האָסט שוין אפשר פארגעסן, ווער דו ביסט פון צו הויזע?... האָסט שוין אפשר פארגעסן, וואָס חו ביסט געווען ביי מיין זיידן, דעם גרויסן קיניג נבוכדנצר, א ליכטיקן גן עדן זאָל ער האָבן?!... א שמייסער ביסטו געווען, א שטאַל־יונג!... (טומל)

**אחשורוש:**

ס'א ליגן!... ס'א שקר!...

**ושתי:**

און ווען ניט איך, וואָלסטו אזוי געווען מלך פון פרס ומדי, פונקט ווי איך בין א רבצין. ניט אויפן טראָן וואָלסטו געזעסן, נאָר געלעגן טיף אין דר'ערד, אזוי ווי דו וועסט נאָך אם ירצה השם ליגן, אמן!... גיי שלאָף זיך אויס, אלטער שכור, וועסט נאָכדעם ערשט אריינכאַפּן פון מיר דעם אמתן גאָב... אך, מיין גאָט, מיין גאָט, דאָס איז גאַנץ שאָודערליך!... (גייט שטאָלץ ארויס, די הויפדאַמען נאָך איר)

**המן:**

אדוני מלך, די קיניגין ושתי האָט געטאָן ווידערשפעניקן אין דיין ווילן...

**אחשורוש:**

ע... יאָ... ווידערשפעניקן...

**המן:**

זי האָט געטאָן מאַכן צו שפאָט און צו שאַנד פון דיין קיניגלעכער מאַיעסטעט...



**אחשורוש:**

אוי וויי־וויי־וויי!...

**ממוכן:**

נעבעך... וו־וואָס וועלן איצטער ז־זאָגן אונדזערע וו־ווייבער און אלע הארנטעס פון פ־פרס ומדי?...

**מזומן:**

זיי וועלן חוזק מאַכן פון אונדז...

**כפרתי:**

פונקט ווי די מלכה ושתי האָט חוזק געמאַכט פון מלך אחשורוש...

**המן:**

אזוינס טאָר ניט געדולדעט ווערן! אויב דיר איז ווילגעפעלן, אדוני מלך, גיב ארויס א באפעל, אז פאַרן גרויסן פארברעכן, וואָס די מלכה ושתי איז באַגאַנגען, זאָל מען איר תכף אָפּהאַקן דעם קאָפּ.

**בעלי־יועצים:**

פע!... פע!...

**ממוכן:**

העכסטנס, ג־גט זי אָפּ, אדוני מ־מלך...

**מזומן:**

גערעכט! א גט איז דאָס בעסטע...

**כפרתי:**

ס'איז קיילעכיק און שפיציק...

**אחשורוש:**

ע... א גט, זאָגט איר?... זאָל זיין א גט...

**ממוכן:**

נא, אדוני מלך, פ־פארטיק די זעקס ש־שורות. לייג צו דעם זיגלרינג...

**אחשורוש:**

(זיגלט) ושתי נעבעך...

**המן:**

אוים ושתי, אדוני מלך, ניטאָ מער קיין ושתי! און איצט,

אויב דיר איז ווילגעפעלן, לייג צו דעם זיגלרינג צו דעם מלחמה־באפעל...

**ממוכן:**

ג־גנעדולד, פרינץ המן... אן אלטער מ־מנהג...

**המן:**

(דראָענדיק) ווידער דיינע מנהגים ? !...

**ממוכן:**

אזוי לאנג, ווי דער מלך איז א ג־גרוש, טאָר מען ניט אויס־רופן דעם ג־גרויסן מ־מלחמה־רוף...

**המן:**

אהא, איז צוליב דעם האָסטו עס געעצהט אָפצוגטן ושתין ?...

**ממוכן:**

און צוליב וואָס האָסטו געראטן איר אָפצוהאַקן דעם קאָפּ ?...

**המן:**

מיינסטו טאַקע באמת, אז ושתים האָרן וועט אָפהאלטן אונ־דזערע חיילות צו פארנעמען גריכנלאנד ?...

**ממוכן:**

אכציק ש־שווארץ יאָר אויף דיין ג־גריכנלאנד !... דער ק־קענצלער פון פ־פרס ומדי דאַרף אָפּהיטן די ח־חוקים און מנהגים...

**המן:**

איז אפשר דאָ א חוק, וואָס דערלויבט א קענצלער זיך קעגנשטעלן דעם שני למלך ? !...

**ממוכן:**

נ־ניין, ניטאָ אזא חוק.

**המן:**

איז אפשר דאָ א מנהג, וואָס פארווערט חתונה האָבן גלייך נאָך א גט ? !...

**ממוכן:**

נ־ניין, ניטאָ אזא מנהג.

**המן:**

אויב אזוי, האר קענצלער, נעם דיין פען און שרייב, ווייל



דער שני למלך הייסט. (ממוכן זעצט זיך שרייבן, המן דיק-טירט) קול־קורא. צו אלע הארן כאטראפּן פון קיניג אחשורוש צו אלע פירשטן, וואָס איבער איטלעכער מדינה.

**ממוכן:**

(שרייבנדיק) ד־דינה...

**המן:**

(דיקטירט ווייטער) מלכה ושתי אראָפּגעזעצט, צוריקגעשיקט אין דאָרף פאשען חזירים...

**ממוכן:**

(שרייבנדיק) חזירים, ווי המן אגגי... (געלעכטער).

**המן:**

(בייז) סטאָפּ ! (דיקטירט ווייטער) פארטרעטערין תבף געזוכט. יונג, שיין, ריינער אריער־יחוס, א בתולה.

**ממוכן:**

(שרייבנדיק) א בתולה... ו־ווי זשע דען — פ־פאָרן מלך ?...

**אחשורוש:**

ע... כ׳מיין... לאו דווקא... אפשר... ע... צו לאנג צו זוכן...

**המן:**

אָדער א האלבע בתולה...

**אחשורוש:**

מוחל, מוחל...

**המן:**

איז א פערטל. סטאָפּ ! ארויסשיקן קיניגלעכער פאלאץ שושן הבירה. נו, ממוכן, וואָס דויערט עס אזוי לאנג ?...

**ממוכן:**

אָטאָ שוין, פ־פרינץ המן. איך מוז עס מ־מאכן בנוסח ק־קענצלער... פּארטיק !

**המן:**

אצינד, לייג צו דיין זיגלרינג, אדוני מלך. (אחשורוש זיגלט). בעל־קורא, לייען פארן פאלק דעם קיניגלעכן באפעל.

**בעל-קורא:**

(גייט צו צו דער ראמפע, קלאפט אין פויק, לייענט) אלערהעכ־

סטער באַפעל פון אַלמעכטיקן אחשורוש, ירום הודו, קיניג פון פרס ומדי!... (פויק) קול קורא!... (פויק) היות ווי דעם אַלמעכטיקן קיניג אחשורוש איז וווילגעפעלן געוואָרן אָפּצו־שיידן זיך פון דער אומווירדיקער קיניגין ושתי און זי שיקן אין דאָרף פּאַשען חזירים; היות אָבער ווי אַזאַ כשרער צדיק, ווי דער גוטער און גאָטספאָרכטיקער קיניג אחשורוש טאָר חלילה אָן אַ ווייב ניט בלייבן; בכן, טוען מיר באַפוילן, אַז ווו נאָר אַ יונג מיידל פון ריינעם אַריער־יחוס, שיין פון פנים און פיין פון געשטאַלט, אַ גאַנצע בתולה, אַ האַלבע בתולה, צי אפילו אַ פערטל בתולה — זאָל זי תכף ומיד געבראַכט ווערן, אָדער אַליין קומען אין קיניגלעכן פּאַלאַץ און דאָס מיידל, וואָס וועט נושא חן זיין ביים מלך אין די אויגן, וועט ווערן מלכה פון פרס ומדי... קול קורא!... (פויק).

**פרשנדתא:**

(קומט אַריין) אדוני מלך, דער באַרימטער שדכן מרדכי בן יאיר קומט מיט אַ שידוך פאַר דיר...

**אחשורוש:**

זאָל ער אַריינקומען.

**מרדכי:**

(לויפט אַריין) סטייטש און סטייטש — צו וואָס אַזאַ גע־רומל?! צו וואָס דער גאַנצער טומל?! איר וואָלט געזאָגט מרדכין איין וואָרט — ברענגט ער אייך כלות פערווי סאָרט. און אָן אויסוואַל, קיין עין־הרע, דער גרעסטער אין דער וועלט! קאָנסט דיר קלויבן, זוכן, וויפל דיר געפעלט.

**אחשורוש:**

ע... וואָס אַזוינס ברענגסטו, מרדכי בן יאיר?

**מרדכי:**

מכל המינים, אדוני מלך! גרויסע, ווי שבת הגדול און קליינע, ווי קורץ־פרייטיק. שוואַרצע, ווי אַ פאַרשרפטער קוגל און רויטע, ווי אַ רעכט איינגעפרייעטער מערן־צימעס. פעטע, ווי די איילבערטן פון יהודה און מאָגערע, ווי אַ האַלבע יטוץ קרחותן פון ישראל.

**ממוכן:**

(אָנציקט) ק־קומסט פונקט צו דער צ־צייט, רב שדכן...



**מרדכי:**

וואָס הייסט — איך קום?!... ווי נאָר איך האָב געטאָן הערן, אַז דער מלך איז נעבעך אַ גרוש געוואָרן, אַזוי בין איך געפלויגן איבער בערג און איבער טאָלן, איבער ימים און יבשות, כדי אים אָפּצוראַטעווען פון חלשות... הערסט, אדוני מלך, וועסט נאָר אַ קוק טאָן אויף מיין ביסל כלות, וועט דיר ווערן אַ ליכט אין די אויגן און אין אַלע אברים — זאָל אַזוי אינגיכן אונדזער ליבער פרינץ המן האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן...

**אלע:**

אמן...

**מרדכי:**

אדוני מלך, עס שטייט געשריבן אין פּסוק: ותחיה, זאָל לעבן... איז דער טייטש: זאָל לעבן אונדזער אַלמעכטיקער קיניג אחשורוש ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר! מאַכט אָבער רשי: מיט אַ ווייב!... ווייל, משטיינס געזאָגט — וואָס פאַר אַ לעבן איז דען אָן אַ ווייב?... אמת, אדוני מלך, מיט אַ ווייב איז טאַקע ערשט ביטער, ווי די גאַל, אָבער אָן איר איז דאָך פאָרט ערגער... הא, ווי האַלטסטו, אדוני מלך?...

**אחשורוש:**

בע... מע...

**מרדכי:**

גאָלדענע ווערטער!... טייערע רייד!... שלמה המלך וואָלט בעסער ניט געזאָגט. הייסט טאַקע דער פסוק: בחפזון! אַ שידוך טאָר מען ניט פאַרשלאָפן, מען טאָר ניט וואַרטן! האָב איך העריבער, אדוני מלך, געטאָן קלאַפּן דעפּעשן אין אַלע דיינע הונדערט און זיבן און צוואַנציק מדינות און באַ־פוילן אַרויסשיקן אהער, תכף ומיד, מיט עקסטראַ־פּאָטשט, עט־לעכע פאַרטיעס כלות פאַר דיין מאַיעסטעט. שאַ, (הערט זיך צו) מיר דוכט, זיי זיינען שוין אָנגעקומען. וועסט אַליין קלויבן, אדוני מלך. קאָלענע העראָלד, רוף אַריין דאָס ביסל כלות, זאָג ניט אָפּ...

**העראָלד:**

אָפּזאָגן מרדכי הצדיק?... חס ושלום!...

(זינגט) אריין, אריין, אריין, אריין!
טייערע כלות, דו מיין!...

**כאָר:**

טראַלאַ-לאַ!... טראַלאַ-לאַ-לאַ!...

(עס הויבט זיך אָן אַ פּראָצעסיע פון כלות).

**העראָלד:**

האר קאפעלמייסטער, א פריילעכס פאר דער כלה מייטע!... אויגעלעך, ווי פויגעלעך; א נעזל ווי א העזל, א מיילכל ווי אן אויסגעשניצטע פיילכל...

**אחשורוש:**

ע... וואס טראָגט זי אויף זיך פאר א פעק?...

**מרדכי:**

נעבעך — א האָרב פון הינטן און א האָרב פון פאָרנט...

**המן:**

ווייטער יהודי!... (מרדכי גיט אַ צייכן דעם העראָלד)

**הערא‍ָלד:**

האר קאפעלמייסטער, א וואלאכל פאר דער כלה יענטע!... א קעפל ווי אן עפל, בעקלעך ווי רויטע תפילים-זעקלעך, ציינדעלעך — אמתע בורשטיינדעלעך...

**אחשורוש:**

ע... וואס שלעפט זי זיך אזוי, וואס?...

**מרדכי:**

נעבעך — דער לינקער פוס מיט איין אייל קירצער פארן רעכטן...

**המן:**

ווייטער יהודי!.. (מרדכי גיט אַ צייכן דעם העראָלד)

**הערא‍ָלד:**

האר קאפעלמייסטער, א מארש פאר דער כלה שפרינצע!... א מיידל ווי א קניידל, פיסלעך ווי ניסלעך, צעפלעך ווי האָ-ניק-קרעפלעך...



**אחשורוש:**

ע... וואס איז זי אזוי גרין, ווי גראָז?...

**מרדכי:**

נעבעך, נעבעך — ערשט היינט אויפגעשטאנען פון א שווערן קינפעט.

**אחשורוש:**

ע... בע... מרדכי, האסט בלויז אזעלכע פארלעגענע סחורה?!..

**מרדכי:**

חלילה, אדוני מלך! דאס האב איך דיר ערשט געוויזן וואס פאר א כלות דו זאָלסט נ י ש ט נעמען. ס'פעלט ברוך השם ניט עפעס רעכטס ביי מרדכי בן יאיר. קוק, אדוני מלך, די יפה-פיה'עס וואס קומען אָן; איינע אין איינער, איינע שענער פאר דער צווייטער! לעבעדיקער כלזמרים, א פריילעכס פאר די כלות פון קיניג אחשורוש!... פאר אלע כלות — קליינע און גרויסע, אָרימע און רייכע! אדוני מלך, זאָל זיין אין א מזלדיקע שעה — קלויב דיר אויס דיין באשערטע דאָ...

(עס גייען דורך, איינע נאָך דער אַנדערער, דריי שיינע כלות, וועלכע נעמען שטאַרק אוים סיי ביים מלך, סיי ביי די הויפליים. די לעצטע קומט אַריין אסתר. אַלע ווערן פאַרגאַפט. אחשורוש פאַר-לירט אַזש דעם אָטעם פון גרוים התפעלות און קלויבט זי אוים).

פ אָ ר ה א נ ג.

# צווייטער אקט

**הערֿאלד:**

(פֿארן פֿארהאַנג) ויהי... און עס איז געווען... און דער מלך האָט ליב געקריגן אסתרן מער פֿון אַלע ווייבער און זי האָט געקריגן ביי אים חן און לייטזעליקייט מער פֿון אַלע פֿרויען, און ער האָט אָנגעטאָן אַ מלכות־קרוין אויף איר קאָפּ און זי געמאַכט פֿאַר אַ מלכה אָנשטאָט ושתין.

וועל איך אייך איצט, מיינע דאַמען און קאַוואַלירן
אויף אסתר המלכה'ס חתונה טאָן פֿירן
(זינגט) אריין, אריין, אריין, אריין
קיניגלעכער פּאַלאַץ, הו מיין!...
אריין, אריין, אריין, אריין,
קיניגלעכער פּאַלאַץ, הו מיין!...

(עס עפֿנט זיך דער פֿאָרהאַנג. אַ זאַל אין קיניגלעכן פּאַלאַץ. מרדכי און המן טרינקען לחיים)

**המן:**

לחיים, מרדכי בן יאיר... (טרינקט)

**מרדכי:**

(אין אַ זייט) מיטן קאָפּ אין דער אדמה!...

**המן:**

איי, מרדכי, מרדכי!... דוכט זיך — וואָס פֿעלט פּרינץ המנען?... ווער אויף דער גאַנצער וועלט קאָן זיך גלייכן צו פּרינץ המנען?... ווער איז אַזוי באַרימט?!.. אַזוי מעכטיק?!... אַזוי רייך?!... און דאָך — הבל הבלים, גאָרנישט מיט נישט... וואָס דאַרפֿסטו מער?... לאַנגע יאָרן האָב איך בסוד־סודות געגרייט די מלחמה קעגן יוון, און היינט, אַז אונדזערע מעכטיקע חיילות זיינען לסוף אין גריכנלאַנד און קוילענען און ברענען און מאַכן כעפּרא־דאַרעא פֿון אַלעם לעבעדיקן — איז וואָס מיינסטו?... אָנשטאָט צו טריומפֿירן, אָנשטאָט צו יובלען, זיץ איך מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

מרדכי:

טאקע אַן עולה, בן המדתא. מילא, די מלחמה דיינע, ווי די מלחמה — (שטילער) אויף דיר אַ שוואַרץ יאָר!... אָבער אַז מען גייט למזל פירן דעם קיניג אחשורוש צו דער חופה, וואָלסטו געמעגט זיין אַ ביסל יאָנטעוודיקער.

המן:

רייד גיט, מרדכי! יעדעס וואָרט דיינס איז מיר ווי אַ מע־סער אין הארצן...

מרדכי:

(שטילערהייט) אַלעוואַי, רבונו של עולם!...

המן:

פרעגסט גאָרניט פאַרוואָס?...

מרדכי:

כ'וועל דיר זאָגן דעם אמת, פרינץ המן: איך בין בטבע אַ ייד ניט קיין טשעקאַווער...

המן:

ביסט שוין איינמאָל אַ פויגל, מרדכי!... אַ כיטרער פוקס! אַלע יידן זיינען דאָך שאַכערס — אָבער דו ביסט אַ שאַכער שבשאַכער, אַ דרייער שבדרייער, אַ שמד־קאָפּ, אַ גנב, אַ ווייסל פון אויג!... לחיים מרדכי הצדיק!...

מרדכי:

(אין אַ זייט) ווער די כפרה!..

המן:

פאַרוואָס ביסטו מיר אַ שונא, מרדכי?... אדרבה, זאָג פאַר־וואָס?... וואָס האָסטו צו מיר?!...

מרדכי:

איך צו דיר?!... אַן איינפאַל אַ ביסל! זאָל דאָס דיר מקוים ווערן כאָטש אַ צענטחלק, וואָס איך ווינטש דיר.

המן:

אָט אַשטייגער, וואָס וואָלט דיר געאַרט, ווען דו טוסט אַמאָל צו מיר זיך בוקן?....

מרדכי:

(אין אַ זייט) ברעך פריער האַלדז און רוקן!



המן:

אַלע בוקן זיך צו מיר... אַלע — נאָר ניט דו, נאָר ניט מאָר־טיע היהודי... (שאָקלט שכורלעך מיטן קאָפּ) דיר וועט עס פאַר־דריסן, געדענק! בעסער לאָמיר מאַכן שלום. לאָמיר ווערן גוטע פריינט.

מרדכי:

מהיכא־תיתי — מער ניט, ס'איז דאָ ביי אונדז אַ משל: אַ וואָלף האָט זיך אַמאָל אָנגערופן צו אַ שעפּס — לאָמיר מאַכן שלום, לאָמיר ווערן גוטע פריינט... מאַכט רב שעפּסל: רב וואָלף־לעבן, וואָס וועט איר האָבן פון מיין גאַנצער פריינטשאַפט, אַז בסך־הכל, אַזוי ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך נעבעך, ניט פאַר אייך געדאַכט, גאָלע הויט און ביינער...

המן:

לאָז שוין דיינע לצנות, מרדכי, און זאָל זיין גענוג מחלוקות... לחיים בן יאיר (שוין רעכט שכור) און גאָט זאָל געבן...

מרדכי:

אַ פּאַהיבעל אויף אַלע המנס — פון היינט און פון מאָרגן, ביז אין דור דורות אַריין!...

המן:

אמן!... (טרינקען) מרדכי, איך פיל, אַז דו וועסט מיין פריינט. איאָ, מאָטל?...

מרדכי:

(שטילערהייט) אַזאַ יאָר אויף דיר.

המן:

קום אהער נענטער, רוק זיך צו. איך וועל דיר מגלה זיין דעם סוד פון מיין גבורה. (עפנט דאָס מויל) זעסט?...

מרדכי:

די ציינער?...

המן:

בלויז אַן אָנשטעל.

מרדכי:

די צונג?...

המן:

גוט פאַר פלוידערזעק.

מרדכי:

וואָס זשע דען — דער גאָרגל?...

המן:

דאָס קול, מרדכי היהודי, דאָס קול!... ווי אַזוי מיינסטו בין איך עס געוואָרן דער גרעסטער מלוכה־מאַן פון אַלע צייטן?.. ווי אַזוי האָב איך פאַרשטעקט אין אַרבל אַלכסנדר מוקדון, און האַניבאַל פון קאַרטאַגען, און דעם רוימער יוליוס צעזאַר, און דעם קליינעם קאַפּראַל נאַפּאָלעאָן?... ווי אַזוי מיינסטו, געווין איך די גרעסטע שלאַכטן פון דער מענטשלעכער געשיכטע אָן איין שאָס?... מיט מיין קול!... אַ לייבן־געבריל (ברילט), אַ טיגער־געברום (ברומט), אַ שאַקאַלן־געשריי (שרייט) און דעם שונא ווערט פינצטער אין די אויגן. דאַן קומט אונטער מיין אַרמיי און טוט איין בלאָז: פּפּפּ!... און פאַרטיק! ס'איז שוין נאָך אַלעמען. אַזוי האָב איך אויפגעבויט די גרעסטע קיניגרייך אין דער וועלט. אַזוי האָב איך איינגענומען אשור און בבל און מצרים. אַזוי וועט אויך ענדיקן גריכנלאַנד. גלויבסט ניט?...

מרדכי:

וואָס הייסט איך גלויב ניט?...

המן:

טאָ וועסטו אַליין הערן... איך וועל דיר באַלד ווייזן המנס קול... (לאַכט צופרידן, שטעלט זיך אין אַ העלדן־פּאָזע, מאַכט שכורע האַוואַיעס; גיט אַ ברום ווי אַ לייב) ווו איז ער דאָס, דער הינטישער זון, וואָס וויל ניט פאַלן כורעים פאַר בן המדתא?!... ווו זיינען זיי דאָס — די אַלע, וואָס שטעלן זיך קעגן דעם ווילן פון אַלמעכטיקן גאָט און פון פּרינץ המן?!... ציטערט — איר טעלערלעקער, פלאַקנשיסער, הינטנקושער, מערידאַלניקעס, פאַרכעס!!! מיין נעדולד איז אויס!.. איך וועל אייך אויסראָטן, ווי די מייז, אויסבריען ווי די וואַנצן — איר שרצים, מנוולים, פאַרעטער, מלחמה־צינדער!!!! (לאָזט אַרויס אַ לאַנגן געברום; ווישט זיך דעם שווייס, שמייכלט איראָניש) נו וואָס, מרדכי?...

מרדכי:

דאָס אינגאַנצן?...



המן:

דאָס אינגאַנצן — אַ העזה אַ ביסל!... וואָס איז — קענסט אפשר בעסער?...

מרדכי:

ס'קאָן זיין. איך האָב קיינמאָל ניט געפּרוווט.

המן:

נו אדרבה, פּרוו טאַקע.

מרדכי:

אויב דו ווילסט דווקא, וועל איך דיר צוליב טאָן, אָבער געדענק — זאָלסט נאָכדעם קיין טענות ניט האָבן. (שטעלט זיך אין אַ העלדן־פּאָזע, הוסט זיך אויס, מאַכט זיך מוט און גיט אַ ברום, ווי אַ לייב) המן הרשע, אין דיין טאַטנס טאַטן אַריין!... צורר היהודים, אין דיין מאַמעס מאַמען אַריין!... וואָס מיינסטו זיך, וואָס — ווי לאַנג נאָך וועסטו צאַפּן אונדזער בלוט?!... ווי לאַנג נאָך וועסטו באַלעבאַטעווען איבער אונדזער לעבן, איבער אונדזער האָב־און גוטס?!... מיר האָבן ברוך השם אַ טאַטן אין הימל און ער וועט דיך איינגיכן ליינען אייִלן אין דר'ערד, אין דיין זיידנס באָבען אַריין!... פון דער תליה וועסטו זיך בוקן, דו און דיינע צען בנים מיט דיר אינאיינעם, און שוואַרצע ראָבן וועלן פּיקן דיינע אויגן!... (ברומט).

המן:

(אויסגעניכטערט און דערשראָקן) גענוג!... גענוג!...

מרדכי:

(אומשולדיק) נו, וואָס — שלעכט געמאַכט?...

המן:

ניין, כ'זאָג ניט, אַז שלעכט. ניט מער האָסט אָנגעיאָגט אַ מרה שחורה אויף מיר. מרדכי, שוין אַ וואָך צייט, ווי דאָס לעבן איז מיר ניט ניחה... ניט איך עס, ניט איך שלאָף, כ'לייד איבערמענטשלעכע יסורים...

מרדכי:

נעבעך, פּרינץ המן... (אין אַ זייט) אויף דיין בלייבעניש זאָל דאָס זיין!...

**המן:**

כ׳וועל דיר פאַרטרויען נאָך אַ סוד, מרדכי, אַ מוראדיקן סוד: איך בין פאַרליבט.

**מרדכי:**

רחמנא לצלן...

**המן:**

שרעקלעך פאַרליבט!... דערשיטערנדיק!...

**מרדכי:**

איי, איי, איי!... נו, און ווער איז זי דאָס — כ׳מיין די יפה־פיה?

**המן:**

אסתר.

**מרדכי:**

ווער?...

**המן:**

אסתר.

**מרדכי:**

אסתר המלכה?!...

**המן:**

(חזרט אָן אויפהער) אסתר, אסתר, אסתר!...

**מרדכי:**

ניט אַנדערש, דו ביזט פון זינען אַראָפּ.

**המן:**

כ׳בין טאַקע אַראָפּ פון זינען, מרדכי.

**מרדכי:**

וואָס הייסט?... ווייסט דען, וואָס דו רעדסט?... אחשורוש גייט דאָך זי מקדש זיין!...

**המן:**

מרדכי, דו ווייסט ניט, ווי די ליבע פלאַקערט אין מיר. דו קענסט מיך ניט, מרדכי. מיט גוטן צי מיט בייזן: אסתר מוז זיין מיינע! זי וועט זיין מיינע! דו וועסט מיר העלפן זי באַקומען.



**מרדכי:**

איך?...

**המן:**

יאָ, דו. איך ווייס — אסתר פאָלגט דיר. לייקן ניט. המנס קלוגע לייט ווייסן אַלץ. הער אויס: היינט ביינאַכט, ווי נאָר אחשורוש וועט איינשלאָפן, זאָל אסתר זיך אַרויסשלייכן פון פּאַלאַץ און אַריינגיין אין קיניגלעכן גאָרטן. דער וועג וועט זיין פריי. איך וועל צונעמען אַלע שומרים. זאָל זי קומען צום פאָנטאַן. דאָרט וועל איך וואַרטן אויף איר.

**מרדכי:**

כ׳מיין, המן, וואָס פאַר אַ פּנים האָט עס מיך צו שיקן מיט אַזעלכע שליחותן?...

**המן:**

און פאַרוואָס דען ניט?!.. ביסט אפשר ניט מיין פריינט, וואָס?!.. מרדכי, רייד מיר ניט אַנטקעגן. כל זמן איך בין גוט, בין איך גוט, אָבער — געדענק!... (באַהערשט זיך) איך האָב דיר געזאָגט, מרדכי, אַז אָן אסתרן איז מיין לעבן קיין לעבן ניט. פאַרשטייסטו דאָך שוין, אַז דיין לעבן איז אוודאי קיין לעבן ניט. און טאָמער איז ווייניק — טאָ זיי ווייסן, אַז אויב אסתר וועט היינטיקע נאַכט צו מיר ניט אַרויסקומען, וועלן פאַר דעם באַצאָלן אַלע יידן פון פּרס ומדי. איצט, טו ווי דו פאַרשטייסט... (גייט אַרויס).

**מרדכי:**

(אַליין) רוצח, רשע מרושע!... זע נאָר, ווי די בייזע יוכע האָט זיך דאָס אין אים אָנגעצונדן... אַז ברענען זאָלסטו ווי קין!...פאַרשטערט מיר די גאַנצע שמחה...

**אסתר:**

(קומט אַריין, קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטן, לויפט צו צו מרדכין און וואַרפט זיך אים אויפן האַלדז) אָנקל מרדכי!...

**מרדכי:**

אסתרקע!... (זי הויבט אָן וויינען) גאָט איז מיט דיר, קינד מיינס — וואָס וויינסטו?...

**אסתר:**

ווי זאָל איך ניט וויינען, אָנקל מרדכי, אַז איך פיל מיך אַזוי אומגליקלעך?...

**מרדכי:**

טפו, משוגע, מיינע שונאים!.. אומגליקלעך?... געהערט א ביסל!... אפשר דערפאר, ווייל דו ווערסט מלכה פון פרס ומדי?...

**אסתר:**

דערפאר ווייל איך ווער אחשורושעס ווייב.

**מרדכי:**

אחשורוש טוט קיניגן פון הודו ביז כוש, איבער הונדערט און זיבן און צוואנציק מדינות...

**אסתר:**

ער איז אלט, ער איז מיאוס, ער איז מיר דערווידער!...

**מרדכי:**

נשקשה, נשקשה, ער קאן נאך זיין שטעטל באשטיין... גאנץ פרס ומדי איז דיר מקנה...

**אסתר:**

די מלכהשאפט, אבער ניט דעם מלך...

**מרדכי:**

זאל זיין די מלכהשאפט. כ'מיין — א קיניגלעכער טראן גייט טאקע ניט צופוס...

**אסתר:**

דער טראן איז פאר מיר א יסורים־בעטל. דער פאלאץ א תפיסה!...

**מרדכי:**

הערסט, אסתר, דיין גליק, וואס ביי דיר איז ערב חופה. אניט וואלט איך אויסגעבאטלט צו דיר, וואס עס וויקלט זיך מיר אויפן הארצן. זאג נאר, טאכטער, דו ווייסט כאטש וואס דו ווילסט, הא?!...

**אסתר:**

וואס איך וויל?... מיין ליבסטן וויל איך.
(זינגט) אוצרות, רייכטימער וואס טויגן
אז איך דארף זיי ניט צומאל
צו מיין ליבסטן כ'וואלט געפלויגן
איבער בארג און איבער טאל.



בעטן גילדענע וואס טויגן
אז ס'איז לאנג אויף זיי די נאכט
ס'וואלט מיין ליבסטער, פייל פון בויגן
מיך צו זיך אהיים געבראכט.

סאליעס ליכטיקע וואס טויגן
אז מען איז אין זיי אליין
און מיין ליבסטנס קלארע אויגן
בין איך עלנט ווי א שטיין. (וויינט)

**מרדכי:**

נו, שא, אסתר, הער אויף צו וויינען. מען זעט דאך — ס'איז מן השמים. (גלעט זי) איך פארשטיי: ס'טוט וויי, דאס גע־זעגענען זיך מיט די חלומות, דאס געזעגענען זיך מיט די יונגע, פרייע יארן... נו, שוין, גענוג!... מאך מיר ניט שווערער מיין געמיט, עס איז אזוי אויך שוין ניט לייכט... אזוי פיל שווארצע וואלקנס איבער אונדזערע קעפ!.. אזוי פיל גזירות און פורניות אויף אונדז! און טאמער איז ווייניק געווען, האט מיר איצט המן... (רייסט איבער).

**אסתר:**

וואס, אנקל מרדכי?...

**מרדכי:**

(וואקלט זיך, באשליסט לסוף) גארניט, גארניט... עס וועט זיין, ווי ס'איז באשערט. וויש אפ די טרערן, מיין קינד. דו דארפסט היינט זיין שיין. איך וועל דיך בענטשן צו דער חופה, אסתר. ביסט א יתומה — און פלייש פון מיין פלייש, און בלוט פון מיין בלוט. אפשר וועט דורך דיר קומען די גאולה.... אפשר וועלן אין דיין זכות יידישע קינדער ניט דארפן מער באהאלטן זייער שטאם, כדי צו קאנען לעבן... גאטס גענאד זאל זיין מיט דיר תמיד, אסתר המלכה (קושט זי) מיר דוכט, דער מלך קומט. איך גיי. (גייט שנעל ארויס; פון דער צווייטער זייט קומט אן אחשורוש)

**אחשורוש:**

מיין ענגל!... מיין שאץ!...

**אסתר:**

(פארנויגט זיך) פאטער־קיניג...

**אחשורוש:**

רופֿ מיך בעסער: ליבכען...

**אסתר:**

איך האָב ניט אזא העזה...

**אחשורוש:**

ס'מאַכט ניט אוים. איך דערלויב.

**אסתר:**

(שטיל) ליבכען...

**אחשורוש:**

אָ, מיין שאַץ!... ע... זאָג, אז דו האָסט מיך ליב...

**אסתר:**

איך שעם זיך, פֿאַטער־קיניג...

**אחשורוש:**

אָ, מיין ענגל!.. זאָג: אחשורושל, מיין ליבכען...

**אסתר:**

אחשורושל, מיין ליבכען...

**אחשורוש:**

מיין שאַץ!... זינט איך האָב דיך דערקענט, בין איך געוואָרן גאָר א נייער מענטש. אוים ברעכעניש אין קרייץ, אוים נאָ־געניש אונטערן לעפעלע, אוים צופעניש אין די קניען, אפילו דער אַלטער הוסט איז מיר אוועק, ווי מיטן האַנט אראָפּ־גענומען... (צעהוסט זיך לאַנג) וועסט ביי מיר זיין די גליק־לעכסטע מלכה אויף דער וועלט... ע... זאָג וואָס דיין פֿאַר־לאַנג איז, ביז א האַלבע מלוכה וועט געטאָן ווערן...

**אסתר:**

א דאַנק, פֿאַטער־קיניג. איך פֿאַרלאַנג גאָרניט.

**אחשורוש:**

ע... אפשר איז דיר ווילגעפֿעלן, איך זאָל אָפּשיקן אין זייערע היימען מיינע דריי הונדערט פינף און זעכציק קעפּסווייבער און זיך פֿאַרנעמען נאָר ע...

**אסתר:**

מיט וועמען?...



**אחשורוש:**

מיט אסתר המלכהן!...

**אסתר:**

ניין, ניין!... (בייט דעם טאָן) ליבכען, איך שעם זיך...

**אחשורוש:**

מיין ענגל!... מיין שאַץ!...

**אסתר:**

שיק ניט אָפּ דיינע קעפּסווייבער... ס'איז זיי נעבעך א רחמנות.

**אחשורוש:**

ע... גאָט זאָל דיר באַצאָלן פֿאַר דיין גוט האַרץ.

**אסתר:**

אדרבה, נעם דיר נאָך א פּאָר הונדערט ווייבער...

**אחשורוש:**

אויב דאָס איז דיין פֿאַרלאַנג?...

**אסתר:**

יאָ, ליבכען, טו עס

**אחשורוש:**

ע... דיר צוליב, מיין שאַץ!... נאָר דיר צוליב!... (וויל זי אַרומנעמען)

**אסתר:**

(באַפרייט זיך פלינק) פֿאַטער־קיניג, איך הער, די כלזומרים זיינען שוין געקומען. איך וועל גיין אָנטאָן מיין חופּה־קלייד. (לויפט אַרוים)

**אחשורוש:**

(שטאַרק צופרידן, גייט צו צום טיש מיט עסנוואַרג) ע... ביז דער חתונה־וועטשערע איז נאָך א שטיק צייט... מ'עט עפּעס פֿאַרזוכן דערווייל... (וואַרפט זיך אויפֿן עסן, שטאָפּט אין ביידע באַקן, וואָרטשעט פון פֿאַרגעניגן).

**מרדכי:**

(קומט אַריין) אדוני מלך, אין א מזלדיקע שעה — די מחו־תנים און געסט זיינען דאָ...

**אחשורוש:**

(מיט א פולן מויל) קום אהער, מרדכי, וועסט מאכן א כוסה...

**מרדכי:**

אויב א כוסה און טאקע א גרויסע — איז מהיכא־תיתי... (גיסט אן) לחיים, אדוני מלך. גאט זאל געבן, דו זאלסט זיך עלטערן מיט דער מלכה אין עושר און אין כבוד און כל ישראל זאל האבן נחת פון אייך...

**אחשורוש:**

לחיים, לחיים... (טרינקען).

**המן:**

(קומט אריין, זעט אחשורושן ביי דער אכילה) אדוני מלך, זאל דיר וויל באקומען... (פירט אפ מרדכין אין א זייט) נו, וואס, האסט איבערגעגעבן אסתרן?...

**מרדכי:**

דאס הייסט... איך האב זי נאך ניט געזען...

**המן:**

א ליגן!...

**מרדכי:**

נאך דער חופה אפשר...

**המן:**

זאגסט א ליגן!... האסט זי געזען!.. האסט גערעדט מיט איר!... ס'וועט דיר טייער קאסטן, הערסט?!... און ניט בלויז דיר — איך וועל אייך שוין ווייזן אלעמען!... און איצט — תכף זיך בוקן, פארפלוכטער יהודי!...

**מרדכי:**

המן, הער מיך אויס...

**המן:**

(ווילד) בוקן זיך!!...

**מרדכי:**

מרדכי הצדיק — פאר המן הרשע?...

**המן:**

גענדענק!



**מרדכי:**

אויף מיינע שונאים א הייסע קרענק! (המן ברומט).

**אחשורוש:**

ע... וואס איז דארט, וואס?...

**מרדכי:**

אדרבה, זאל דיר המן פארטרויען, פארוואס ער טוט אזוי הארצרייסנד וואיען... (גייט ארויס)

**המן:**

אדוני מלך, טו פארנעמען מיינע רייד...

**אחשורוש:**

המן, מיר ציט אין הארצן...

**המן:**

און מיר, אדוני מלך, מיר ברענט אין הארצן!... א העלישער פלאקער!... א פלאם־פייער!... ניין, און ניין, און נאך א מאל ניין!... גענוג!.. (טוט א זעץ מיטן פויסט אין טיש; פון הינטערגרונט רוקט זיך פלוצלונג ארויס דער קאפ פון ממוכן, וואס גיט א געשריי: אוי) גענוג!... (פון רעכטס באווייזט זיך דער קאפ פון מזומן, וואס שרייט אויס: אוי) גענוג! (פון לינקס באווייזט זיך דער קאפ פון כפרתי, וואס גיט א געשריי: אוי; המן האלט אין איין שרייען היסטעריש) גענוג!... גע־נוג!... גענוג!...

**בעלי־יועצים:**

(לאזן זיך אריין פון אלע דריי זייטן) געוואלד!... געוואלד!... געוואלד!...

**המן:**

כ'וועל זיי אויסראטן!... פארטיליקן!... א סוף זאל דאס נע־מען!...

**בעלי־יועצים:**

ווער?!... וועמען?!...

**המן:**

אדוני מלך, עס שטייט געשריבן אין דער מגילה: פאראן איין פאלק, צעזייט און צעשפרייט צווישן די פעלקער אין אלע מדינות פון דיין קיניגרייך, און זייערע געזעצן זיינען

אנדערע, ווי ביי איטלעכן פאָלק, און די גזעצן פון מלך טוען זיי ניט...

**אחשורוש:**

ע... טוען זיי ניט?...

**המן:**

ניין. אונדזערע מאכלים עסן זיי ניט.

**אחשורוש:**

ע... עסן זיי ניט?...

**חמן:**

ניין, אדוני מלך.

**אחשורוש:**

ע... איז וואָס זשע עסן זיי יאָ?... (פויזע, פלוצלונג הערט זיך שטיל)

**ממוכן, מזומן כפּרתי:**

זונטיק בולבעס
מאָנטיק בולבעס
דינסטיק און מיטוואָך בולבעס
דאָנערשטיק און פרייטיק בולבעס...

**חמן:**

דעם זעקסטן טאָג אין וואָך, בעת מיר האָרעווען אין שוויים און אין בלוט אויף חיונה, טוען זיי, אויף צו להכעיס, רוען ווי די פּריצים...

**ממוכן, מזומן כפּרתי:**

שבת אין א נאָווינע — א קוגעלע פון בולבעס...

**המן:**

און דעם זיבעטן טאָג, בעת מיר גייען גאָטספאָרכטיק אין קלויסטער, קלאַפּן זיי חוצפּהדיק מיט שער און אייזן...

**ממוכן, מזומן כפּרתי:**

און זונטיק ווייטער בולבעס...

**חמן:**

דאָס דאָזיקע פאָלק, אדוני מלך — דאָס זיינען די יידן! איז, פרעג איך דיר — וואָס לוינט דיר זיי צו לאָזן לעבן?...



זיי זיינען אַן אומגליק פאַר אַלע פעלקער און א צרה פאַר זיי גופא. אויב דו ווילסט פאַרדינען א שיינעם יישר־כח פון דער וועלט, זאָל געשריבן ווערן זיי אומצוברענגען אַלעמען, פאַרטיליקן אַלע יידן, פון קליין ביז גרויס. זייערע פאַר־מעגנס וועלן מיר צורויבן — זיי זיינען רייך ווי קורח. צען טויזנט צענטנער זילבער וועג איך דיר גלייך אָפּ אויף די הענט, ווי אַן אדערויף. און אויב דו ווילסט — איז מיט א שמיצל נאָך. נו, וואָס, אדוני מלך?...

**ממוכן, מזומן כפּרתי:**

(שטילערהייט) לא, לא, אדוני מלך!...

**אחשורוש:**

ע... כ'ווייס, אוודאי ביסטו גערעכט... אָבער ע...

**המן:**

אדוני מלך, איך האָב דיר נאָך קיינמאָל ניט געבעטן קיין טובה פאַר מיר גופא. איצט בעט איך דיר.

**אחשורוש:**

ע...דו בעטסט?...

**המן:**

איך בעט, פאָטער־קיניג. איך בעט און איך פ אָ ד ע ר!

**אחשורוש:**

ע... דו פאָדערסט?...

**המן:**

יאָ.

**אחשורוש:**

איז דאָך ניט שייך... נאָ נעם דעם זיגלרינג און שרייב און זיגל, וואָס דו ווילסט. קומט, מיינע טרייע בעלי־יועצים, איר וועט מיר העלפן זיך אָנטאָן צו דער חופּה. (גייט אַרויס, די בעלי-יועצים — נאָך אים)

**המן:**

(אליין) ענדלעך דערלעבט א נקמה!.. ענדלעך פרייט זיך מיין הארץ!... אייער סוף איז געקומען, פאַרפלוכטע יודן!... ניין, ניט צוליב פאַרדראָס טו איך עס. מרדכי דער הונט וועט זיין שטראָף באַזונדער באַקומען. און אסתר וועט במילא זיין

מיינע. ניין, ניט צוליב דעם! איך וויל אויסלייזן די וועלט פון דער יידישער פלאָג. איך וויל באַפרייען די וועלט פון דעם יידישן יאָך. איך וויל אויסשניידן די מכה מיט וועלכער די אָרימע מענטשהייט איז נעבעך געוואָרן באַשטראָפט. המן, אַזאַ גרויסער מאַן, ווי דו, איז נאָך ניט געווען זינט די זון דרייט זיך אַרום דער ערד! די וועלט וועט דיך אייביק געדענקען!

**העראָלד:**

(קומט אַריין) קאָלעגע שפּילער, האסט שוין פאַרענדיקט דיין יידן־פּרעסערישע פּראָזע?...

**המן:**

פאַרענדיקט, קאָלעגע העראָלד. קאנסט שוין אַריינרופן די זשידאָווסקע חתונה, טפו!... (גייט אַרויס)

**העראָלד:**

(זינגט) אַריין, אַריין, אַריין, אַריין
טייערע חתונה, חו מיין!...

(אַ יאָנטעוודיקער עולם קומט אַריין פון אַלע זייטן. מוזיק שפּילט חתונה־ניגונים. מען פירט אַריין אסתרן און מען זעצט זי אַוועק אויף אַ פּאָטער־שטול; די ווייבער רינגלען זי אַרום)

**העראָלד:**

(מיט אַ בדחנישן ניגון) אין אַ מזלדיקע שעה
זיינען מיר אַלע דאַ
פאַראַן זיינען מיר אַלע
דער חתן און די כלה
די מחתונים און די געסט —
איז טרינקט געזונט און עסט!...
און אַזוי ווי יידישע אַקטיאָרן מוזן שטענדיק טאָן שפּילן
חתונות און חופּות, מיט האַרץ און געפילן
דרום, מיינע ליבע לייט
איז צו באַזעצן די כלה שוין צייט...
(גייט צו צו אסתרן)
אוי כלה־לעבן, כלה־לעבן, וויין זשע ווין!...
די וועלט איז געגליכן צו אַ טעפּעלע כריין
מענסט אפילו זיין גוט, מענסט אפילו זיין שיין
ס'וועט דיר נעבעך פאַרגיין אין נאָז און אין די ציין...



(די כלה און אַלע ווייבער ברעכן אויס אין אַ גרויס געוויין)
אוי כלה־לעבן, כלה־לעבן, ס'איז היינט דיין יום הדין!...
אַ מאַן איז געגליכן צו אַ בייזן שפּין
ביסטו געוועזן רויט, וועט ער דיך מאַכן גרין
ביסטו געוועזן גראָב, וועסטו שוין ווערן דין...
(יאָמערלעכער געוויין פון דער כלה און פון די ווייבער)
אוי כלה־לעבן, כלה־לעבן, גייסט צו דער חופּה אַצינד!...
און פאַרגעבן ווערט דיר איצטער אַלע דיינע זינד
געדענק זשע בלייבן כשר, ווי אַן אומשולדיק קינד
אויב ניט, וועט נעבעך זיין צו דיר אַז וויי און ווינד...
(דער געיאָמער דערגרייכט זיין קולמינאַציע־פּונקט)

**שטימען:**

די כלה חלשט!... וואַסער!... האַרצטראָפּנס!... וואַסער!...
שאַ, זי קומט צו זיך...

**העראָלד:**

אַצינדערט שטילער, ווייבער!... זאָל זיין אויס געוויין!
באַדעקן די כלה קומט דער חתן צוגיין...

**ממוכן, מזומן כפּרתי:**

(פירן אַריין אחשורושן)

**ממוכן:**

אַ ווי־וואויל פּאַרן חתן!... אַ ווי־וואויל פּאַרן חתן!...

**העראָלד:**

מיטן רעכטן פוס, אדוני מלך, און מיט דער רעכטער האַנט
דעקסט צו דאָס קעפּל ביי אַ טייערן בריליאַנט...
(אחשורוש באַדעקט אסתרן)
און איצט, לעבעדיק, כלזמרים, זאָל זיין שמחה וששון
אונטערפירערס, פירט צו דער חופּה דעם חתן...
(מען פירט אחשורושן צו דער חופּה)

**שטימען:**

זאָל זיין מיט מזל!... מיט מזל, חתן!...

**העראָלד:**

אונטערפירערס כלהס צד
פירט די כלה צום ארי את... (מען פירט אסתרן צו דער חופּה)

**שטימען:**

זאָל זיין מיט מזל !... מיט מזל כלה !...

**העראָלד:**

יעמוד קאַלעגע מרדכי ברב יאיר, ברב שמעי, ברב קיש הצדיק !...

**מרדכי:**

וואָס איז, קאַלעגע העראָלד ?...

**העראָלד:**

זיי מסדר קדושין.

**מרדכי:**

מסדר קדושין אויך ?

**העראָלד:**

אז די ערלים קענען נעבעך ניט קיין שייטל עברי !...

**מרדכי:**

באַשערט צו פאַרדינען נאָך א מצווה... (גייט צו צו חתן-כלה) אדוני מלך, זאָג מיר נאָך, וואָרט און וואַרט, און טאַקע הויך, אויפן קול....

**העראָלד:**

וואָרום אויב ניט, קאָן חלילה בטול ווערן די גאַנצע שפּיל אַמאָל.

**מרדכי:**

זאָג : הרי...

**אחשורוש:**

הרי...

**העראָלד:**

גערענק, אדוני מלך, ס'זאָל שוין זיין בלי חרטה ובלי דריי !

**מרדכי:**

זאָג : את...

**אחשורוש:**

את...

**העראָלד:**

אויף מיר שוין אזא יאָר, סאַראַ מויד דו נעמסט א כוואַט !



**מרדכי:**

זאָג : מקודשת לי...

**אחשורוש:**

מקודשת לי...

**העראָלד:**

אין די הויזן, אם ירצה השם, וועט גיין טאַקע זי...

**מרדכי:**

זאָג : בטבעת זהב זו...

**אחשורוש:**

בטבעת זהב זו...

**העראָלד:**

און דער לעקיש, נעבעך, בלייבסט דו.

**מרדכי:**

זאָג : כדת...

**אחשורוש:**

כדת...

**העראָלד:**

ס'איז שוין פּאַטער-קיניג באַלד אוים שפּאַס.

**מרדכי:**

זאָג : משה וישראל...

**אחשורוש:**

משה... ר־וואס ?...

**מרדכי:**

וישראל.

**אחשורוש:**

וישראל.

**העראָלד:**

און אם ירצה השם אין ניין חדשים ארום זאָל קומען דער מוהל.

**אלע:**

אמן !

**ממוכן:**

אדוני מלך, איך, ק־קענצלער פון פ־פרס ומדי, באַשטעטיק, אז

אַלץ איז כ־כדת וכדין. קאַנסט קרוינען דיין ווייב, מרת אסתר,
פאַר מ־מלכה פון פ־פרס ומדי...

**אחשורוש:**

(זינגט) מיין טייערער ענגל, געזונט זאָלסטו מיר זייז
מאַך מיט מיר אַ שנעפּסל פונם דאָזיקן וויין

**אלע:**

טראַלאַ־לאַ־לאַ !... טראַלאַ־לאַ־לאַ !...

**אחשורוש:**

מיין טייערער אוצר, מיין הימלישעם רינג
נעם זשע אויף דיין פינגער מיין קיניגלעכן רינג

**אלע:**

טראַלאַ־לאַ־לאַ !... טראַלאַ־לאַ־לאַ !...

**אחשורוש:**

מיין טייערער מלאך, איך האָב דיך שרעקלעך
האָלט
נעם זשע אין דיין האַנט אריין דעם צעפּטער
פון גינגאָלד

**אלע:**

טראַלאַ־לאַ־לאַ !... טראַלאַ־לאַ־לאַ !...

**אחשורוש:**

מיין טייערער צירונג, מיין שענסטער פּאַרשוין
לייג זשע אויפן קאָפּ אַרויף די קיניגלעכע קרוין

**אלע:**

טראַלאַ־לאַ־לאַ !... טראַלאַ־לאַ־לאַ !...

**ממוכן:**

לאַנג לעבן זאָל אסתר המלכה !...

**שטימען:**

— מזל טוב !... מזל טוב !...
— כלזמרים, אַ מצווה־טענצל !...

**העראָלד:**

רייבט, כלזמרים, לעבעדיק, פריילעך
לכבוד דער מלכה, לכבוד דעם מלך !... (חתונה־טאַנץ).

**פ אָ ר ה א נ ג.**



# דריטער אקט

**העראָלד:**

(פאַרן פאָרהאַנג) ויהי... און ס'איז געווען... אין יענער נאַכט האָט זיך אָפּגעטאָן דער שלאָף פון מלך און ער האָט געהייסן ברענגען דעם ספר הזכרונות פון די צייט־געשעענישן...

וועל איך אייך איצט, מיינע דאַמען און קאַוואַלירן
צו די צייט־געשעענישן טאָן פירן...
אריין, אריין, אריין, אריין,
טייערע צייט־געשעענישן דו מיין !...

(עס עפנט זיך דער פאָרהאַנג. אַ זאַל אין קיניגלעכן פּאַלאַץ. ממוכן, מזומן און כפרתי רוקן פאַרזיכטיק אַריין די קעפּ, פון אַלע דריי זייטן בינע, קוקן זיך אַרום און לויפן אַריין, אויף די שפּיצן פינגער)

**מזומן:**

מען זאָגט...

**ממוכן:**

וו־וואס זאָגט מען ?

**מזומן:**

אַז פון די זעקס הונדערט מלחמה־שיפן, וואָס זיינען אַוועק־געשווומען צום לאַנד פון די יוונים, ליגן שוין פינף הונדערט ניינציק אויפן גרונט פון ים...

**ממוכן כפרתי:**

איי, איי, איי !...

**כפרתי:**

מען זאגט...

**ממוכן:**

וו־וואָס זאגט מען נאָך ?...

**כפרתי:**

אַז פון די אכט הונדערט טויזנט זעלנער, וואָס זיינען אַוועק

קיין גריכנלאנד, ליגן שוין זיבן הונדערט פופציק טויזנט אין דער אדמה...

**ממוכן, מזומן:**

איי, איי, איי!...

**ממוכן:**

ש־שאט, מען ז־זאגט...

**מזומן, כפרתי:**

וואס אזוינס?...

**ממוכן:**

אז די ור־ווייבער האבן זיך אנגעהויבן צו ב־בונטעווען. אויב מען ור־וועט אונדז אזוי אפגעווינען פון די מ־מאנען, טענהן זיי, ור־וועלן מיר איינגאנצן פון זיי זיך אנטווינען און אויס ק־קינדלען...

**מזומן, כפרתי:**

איי, איי, איי!...

**מזומן:**

דער שטערנזעער האט מיר איבערגעגעבן, אז יעדנעראל פרסנא איז גרייט צו גיין קעגן בן־המדתא.

**כפרתי:**

פעלדמארשאל מרסנא אויך. די גאנצע ארמיי האט פיינט דעם אגגי ווי א שפין.

**ממוכן:**

איז פארוואס זשע ש־שוויגן מיר?!... געוואלד, ור־וואס זשע ש־שוויגן מיר, פרעג איך אייך?...

**מזומן, כפרתי:**

אדרבה, אפשר וועסטו טאקע ריידן, הא, ממוכן?...

**ממוכן:**

וו־ווי זאל איך ר־ריידן, אז איך דריי ק־קוים מיט דער צ־צונג?... ר־רייד דו, מ־מזומן!...

**מזומן:**

איך גאר?!... איך בין שלאף, קוים וואס די נשמה האלט זיך אין מיר. בעסער דו, כפרתי...



**כפרתי:**

וואס עפעס איך?!... געהערט א מעשה!... רעדט אליין, אויב דאס לעבן איז אייך ניט ניחה... עס האט מיר אזש אנגעהויבן בייסן אויפן האלדז, אט ריכטיק דארט, וווּ מען פארלייגט די פעטליע...

**מזומן:**

איי, ווען מיר קריגן עמיצן, ווער ס'זאל ריידן!... עפעס א רעכטן ראש המדבר...

**ממוכן:**

ש־שאט, איך האב!...

**ממוכן כפרתי:**

ווער איז דאס?...

**ממוכן:**

ש־שוין איינמאל א ראש המדבר — דער ק־קיניגלעכער הויף־שדכן!...

**מזומן:**

א טייערער איינפאל!...

**כפרתי:**

צי וועט ער אבער וועלן?...

**ממוכן:**

לאמיר אים פ־פרעגן. ער ז־זיצט ביים טויער. ר־רוף אים אריין, כפרתי. (כפרתי גייט ארויס)

**מזומן:**

איי וואס — א יהודי?...

**ממוכן:**

ג־גראד א מעלה. (ס'קומען אריין מרדכי און כפרתי)

**מרדכי:**

וויגטשן גוט מארגן — איז נאך פינצטער. גוטן אוונט — הויבט שוין באלד אן צו טאגן. איז וואס, רבותי, זאל איך זאגן?...

**ממוכן:**

ש־שלום עליכם, א ייד.

**מרדכי:**

עליכם שלום, מיינע הארן.

**ממוכן:**

ווי גייען די ב־ביזנעס?...

**מרדכי:**

א דאנק פארן פרעגן. צו גוט איז דאך כידוע ניטא קיין ברעג — נאר בעסער וואלט גריילעך ניט געשאדט.

**ממוכן:**

האבן מיר טאקע דיך גערופן, מרדכי הצדיק, דו זאלסט ר־ריידן...

**מרדכי:**

ווערמען?... דיר, אדוני ממוכן?...

**מזומן:**

וואס עפעס גראד פאר אים אליין? !...

**מרדכי:**

מהיכא תיתי — זאל איך ריידן אייך ביידן?...

**כפרתי:**

פאר אונדז אלעמען!

**מרדכי:**

נו שוין, איז וואס זשע לאנג צו בריינען?... איך וועל אייך ריידן אלעמען דרייען!... מיט ווערמען?...

**מזומן:**

מיט גאנץ פרס ומדי!

**מרדכי:**

קיין עין הרע — כוואטן!... קיין בייז אויג זאל אייך ניט שאטן. צו ווערמען זאל איך גיין צום ערשטן?...

**ממוכן:**

צום ק־קיניג אחשורוש.

**מרדכי:**

צום קיניג אחשורוש — וועגן א שידוך פאר אייך?...

**ממוכן, מזומן כפרתי:**

א שידוך?.... מפו!...



**מזומן:**

לאז שוין מיך, ממוכן!... אט מרדכי, ביסטו למשל געווארן קינינגלעכער הויף־שדכן...

**מרדכי:**

נו?...

**מזומן:**

פרעג איך דיר: וואס קומט דיר דערפון ארויס, אז קיין חיונה האסטו פארט ניט?

**מרדכי:**

איז טאקע שלימזלדיק.

**מזומן:**

און פארוואס, זיי מוחל?...

**מרדכי:**

ס'איז נעבעך דא דערין א שכל.

**מזומן:**

דהיינו?...

**מרדכי:**

האב צו המנען א טענה.

**כפרתי:**

רייד, רייד, מרדכי!...

**ממוכן, מזומן:**

האב ניט קיין מורא!...

**מרדכי:**

איי, רבותי, אן אקס האט א לאנגן צונג און קאן נעבעך קיין שופר ניט בלאזן. וואס טוט א שדכן אויף גאטס וועלטל, רבינו ורבותי?... א שדכן איז די רעכטע האנט פון רבונו של עולם — ער העלפט מזווג זיין זווגים. א שדכן איז ווי א גוטער מלאך: ער ברענגט תנאיםס און חתונות, בריתן און שלום־זכרם, מזל־טובס און שבעה ברכות... איי, איי, איי, רבותי, איז אבער דא, בעוונותינו הרבים, א המן הרשע אויף דער וועלט, איז אנשטאט בריתן האבן מיר הרוגים,

אַנשטאַט חתונות — לוויות, אַנשטאַט שלום — מלחמה און אַנשטאַט ששון ושמחה — יאָמער און קלאָג...

**ממוכן, מזומן כפרתי:**

גילדערנע ווערטער! טייערע רייד!...

**מרדכי:**

ווי ווילט איר, רבינו ורבותי, אַז מענטשן זאָלן זיך פרייען, ווען דער אגגי האָט דערטרונקען גאַנץ פּרס ומדי אין אַ ים פון טרויער?... ווי ווילט איר, יונגע בחורים זאָלן זיך לאָזן פירן צו דער חופה, אַז המן בן המדתא טרייבט זיי צו דער שחיטה?...

**ממוכן, מזומן כפרתי:**

בריליאַנטענע ווערטער!... גילדערנע רייד!...

**מזומן:**

אָטאָ דאָס ווילן מיר טאַקע, דו זאָלסט ריידן...

**מרדכי:**

היינט פאַרשטייט איר שוין, רבותי, פאַרוואָס מרדכי בן יאיר ליגט אין דער אדמה, ווען המן הרשע זיצט אויפן פערדל?...

**מזומן:**

מיר ווילן דיר אויסזאָגן אַ סוד, מרדכי: גאַנץ פּרס ומדי איז המנען אַ שונא; דאָס פאָלק, פונקט ווי די חיילות.

**ממוכן:**

מער ניט, מען ש־שווייגט...

**כפרתי:**

דאָס פאָלק איז ווי אַ קינד — מען דאַרף עס לערנען ריידן.

**מזומן:**

זאָל נאָר עמיץ זאָגן דאָס ערשטע וואָרט, וועלן שוין אַלע נאָכשרייען.

**מרדכי:**

אַהאַ, איצט פאַרשטיי איך שוין, רבותי... איר ווילט, הייסט עס, איך זאָל זיין דער בעל־מדבר?...

**מזומן:**

יאָ, דו מרדכי הצדיק!...



**ממוכן:**

דו ב־ביסט דאָך אַ ייד אַ ה־חכם!...

**כפרתי:**

מיר זיינען דאָך נעבעך גויעשע קעפּ!...

**מרדכי:**

קעגן המנען?...

**ממוכן, מזומן כפרתי:**

וואָס הייסט?... פאַר פּרס ומדי!...

**מרדכי:**

ניין, רבותי. מה אני?... ווער בין איך און וואָס בין איך?... הקטן מרדכי בן יאיר, אַן אָרימער ייד — און אַ פּראָווינצער דערצו. ווילט איר, איך זאָל גיין מיך פאַרנעמען אויף פרינץ המנען? איך זאָל גיין מלחמה האַלטן מיט זיינע פיילנטרעגער און זיינע קלוגע לייט?... משטיינס געזאָגט, וואָס זעט איר אַזוינס אויף מיר, רבותי?... וואָלט מיך כאָטש דער אויבערשטער געבענטשט מיט צוויי קעפּ אויף די פּלייצעס, איז מילא — וואָלט איך איינעם ריזיקירט. אָבער גיין און בידים אונטערלייגן, מיר ניט, דיר ניט, מיין איין און איינציקן קאָפּ אונטער דער האַק פון תליון?!.. ניין, אַן עבירה, גאָט אַליין וואָלט ניט געהייסן. מוחל דעם כבוד, רבותי, ניין!...

**מזומן:**

סטייטש מרדכי?... טאָ ווער זשע וועט זיין דער ראש המדבר?!...

**מרדכי:**

פּרס ומדי איז געגנוג גרויס. איר'ט געפינען אַ בעלן.

**בעל־קורא:**

(קומט אַריין) פרינץ המן האָט באַפוילן...

**ממוכן:**

טו דיין ז־זאַך, בעל קורא...

**בעל־קורא:**

(גייט צו צו דער ראַמפּע, פויקט) אַלערהעכסטער באַפעל פון קיניג אחשורוש, ירום הודו, מלך פון פּרס ומדי!... (פויק)

קול קורא!... (פויק) היות ווי די פארפלוכטע יידן ווידער־שפעניקן אין די געזעצן פון מלכות, ווילן אומברענגען דעם שטאם פון די אריאס און פארניכטן אונדזער ליבע מדינה, בכן מוזן מיר באפוילן, אז אין איין טאג, דעם דרייצנטן טאג פון הודש אדר, זאלן אומגעבראכט ווערן אלע יידן — יונג און אלט, מאנסבילן, ווייבער און קליינע קינדער, און זייער פארמעגן זאל ווערן צוגערויבט. קול קורא!... (פויק) א גוטע נאכט, הארן קיניגלעכע בעלי־יועצים... א גוטע נאכט, האר קיניגלעכער הויף־שרכן... (גייט ארוים).

**מרדכי:**

וויי, וויי געשריגן!... מיינע אומגליקלעכע ברידער, מיינע אומגליקלעכע שוועסטער!... (ברעכט זיך די הענט פון צער) גיט מיר אש צו שיטן אויף מיין קאפ, א זאק ארומצובינדן מיינע לענדן!... (שפרייזט ארום פארצווייפלט).

**מזומן:**

נו, וואס וועסטו איצט זאגן, מרדכי?...

**מרדכי:**

תמות נפשי עם פלשתים, זאג איך!... זאל זיין, וואס ס'איז באשערט! איך בין גרייט צו טאן אייער ווילן, רבותי.

**ממוכן, מזומן כפרתי:**

געלויבט איז דער אויבערשטער!...

**ממוכן:**

און אזוי ווי דו ווערסט איצט ראש פון דער קיניגלעכער אפאזיציע...

**מזומן:**

וועסטו ארויף אויפן בענקל פון שני למלך...

**כפרתי:**

ווען די אפאזיציע וועט קומען צו דער מאכט.

**ממוכן:**

איי, וו־ווי דערלעבט מען שוין דעם ט־טאג!...

**מזומן:**

ווי דערלעבט מען שוין די שעה!



**כפרתי:**

ווי דערלעבט מען שוין די רגע!...

**ממוכן, מזומן כפרתי:**

אז דו זאלסט ווערן שני למלך!...

**ממוכן:**

איי, איי, איי, ווען ג־גאט וואלט נאר ג־געוואלט העלפן!..

**מרדכי:**

ער וועט העלפן, רבותי. ער מוז העלפן. וואס דען?... ער וועט לאזן אומברענגען זיין אויסדערוויילט פאלק?... נשקשה, איך פארלאז מיך אויף השם יתברך'ס הילף, ווי אויף אן אייזערנעם בריק. און איר, רבותי, פארלאזט זיך אויף מיר. איצט רופט אריין אהער די מלכה.

**ממוכן:**

ניט צ־צופיל איינגעשטעלט?...

**מרדכי:**

זארגט ניט, איך האב א פלאן. גיי, כפרתי. (כפרתי גייט ארוים) לאזט מיך מיט דער מלכה אליין, מיינע הארן.

(ממוכן און מזומן גייען ארוים, אסתר קומט אריין)

**אסתר:**

וואס איז געשען, אנקל מרדכי?... פארוואס מיך אויפוועקן אינמיטן דער נאכט?...

**מרדכי:**

אסתר, אונדזער פאלק געפינט זיך אין א גרוים געפאר.

**אסתר:**

אין א גרוים געפאר?...

**מרדכי:**

פאר צענטנער זילבער האט אחשורוש אונדז פארקויפט צו דעם אגגי. און איצט איז באפוילן געווארן אומצור־ברענגען, אין דריי טעג ארום, אלע יידן פון פרס ומדי. להרוג ולאבד, אסתר — אויסמארדן און פארטיליקן... יונג און אלט, קליין און גרוים, מאן און פרוי — אלעמען, אלע־מען!...

**אסתר:**

וואָס דאַרף איך טאָן, אָנקל מרדכי?...

**מרדכי:**

גיין צום קיניג. תכף ומיד.

**אסתר:**

(דערשראָקן) אָנקל!... (פויזע) ווייסטו דען ניט, אז גיין צום קיניג, ניט זייענדיק גערופן, איז גלייך ווי גיין אויף טויט?...

**מרדכי:**

איך ווייס, קינד מיינס, איך ווייס... אָבער — אפשר וועט דער קיניג אויסשטרעקן צו דיר דעם גילדערנעם צעפּטער און דו וועסט לעבן בלייבן?... און אויב חלילה ניט... (פויזע) אסתר, צי מיינסטו, אז דו וועסט, די איינציקע פון אַלע יידן, אנטרונען ווערן אין מלך'ס הויז?..

**אסתר:**

איז גלייכער דען, איך זאָל גיין אַליין אויף אומקום, ווי א קרבן צום מזבח?... איך בין דאָך נאָך יונג!... איך וויל אזוי שטאַרק נאָך לעבן!... לעבן — אפילו דאָ, ווי א פויגל אין א גילדערנער שטייג. אָ, איך האָב פאַרשפּילט מיינע יאָרן, אָנקל מרדכי!...

**מרדכי:**

און אפשר, אסתר, ביסטו צוליב א טאָג, ווי היינט, געוואָרן מלכה?... אפשר איז באַשערט, אַז דורך דיר זאָל ניצול ווערן אונדזער פאָלק?.... וועסטו שווייגן אין דער שעה פון סכנה?!... וועסטו מורא האָבן פאַר דיין נפש?!...

**אסתר:**

(שטיל) גיי, זאַמל איין אַלע יידן פון שושן, הייס זיי פאַסטן און תפילה טאָן — אסתרס טעג זאָלן ניט ווערן יונג פאַרשניטן. גלייך נאָכן פרימאָרגן וועל איך גיין צום קיניג אחשורוש.

**מרדכי:**

דער, וואָס אין הימל, וועט פירן דיינע טריט. זאָג דערוויילע גאָרניט דעם מלך. פאַרבעט אים בלויז, מיט זיינע מיניסטאָרן, אויף א וויין־מאָלצייט צו דיר, נאָך זון־אונטער־



גאַנג. המנען לאָז וויסן, אז ער זאָל קומען פריער, ערב שקיעה. טו, ווי איך הייס.

**אסתר:**

ס'וועט זיין ווי דו פאַרלאַנגסט, אָנקל מרדכי. (וויל אַרויסגיין).

**מרדכי:**

(האַלט זי צו) אסתר, זאָל דיין האַרץ אזוי ניט פלאַטערן!... המן וועט פאַרגיין. דאָס בייז וועט פאַרשווינדן, ווי א שלעכטער חלום. ס'וועט ווערן ווידער ליכטיק אויף דער וועלט. און יידישע קינדער וועלן ווידער הילכיק לאַכן — אין ירושלים, אין בבל, אין שושן און אומעטום אויף גאָר דער ערד. יידישע מאַמעס און יידישע טעכטער וועלן זיך בענטשן מיט דיין כשרן נאָמען. און אַמאָל, אַמאָל, אין דורות ווייט, ווען ס'וועט שוין לאַנג ווערן אָפּגעמעקט דער זכר פון די המנס, וואָס האָבן געגאַרט אונדזער אונטערגאַנג, וועלן נאָך אַלץ יידישע מחברים פאַרפאַסן די שפּיל וועגן המנס מפּלה, און יידישע אַקטיאָרן וועלן נאָך אַלץ שפּילן די וווּנדערבאַרע מעשה וועגן אסתר המלכה, וועגן מרדכי הצדיק, וועגן...

**העראָלד:**

(לויפט אַריין) וואָס איז מיט דיר, מרדכי?!... וואָס איז געשען?

**מרדכי:**

(ווי אויפכאַפּנדיק זיך) הא?...

**העראָלד:**

האָסט צעלאָזן דיין דמיון און דערווייַלע פאַרהאַלטן דאָס שפּילן. די קאָלעגן וואַרטן. דער מלך האָט זיך אויפגעכאַפּט.

**מרדכי:**

אזוי?... האָב ניט קיין פאַריבל, קאָלעגע הערה̈לד. (לויפט שנעל אַרויס, צוזאַמען מיט אסתרן).

**אחשורוש:**

(פון הינטער דער בינע) ממוכן!... ממוכן!...

**הערהלד:**

ממוכן, דער קיניג רופט... (גייט אַרויס)

**ממוכן:**

(לויפט אריין) דער קיניג!... דער קיניג!... (נאָך אים לויפן דורך מזומן און כפרתי, פארשווינדן אַ ווײַלע אין דער קעגנאַי־בערדיקער זייט און קומען גלייך צוריק, פירנדיק אחשורושן)

**אחשורוש:**

אַ היץ דאָרט אין אַלקער — ניט אויסצוהאַלטן... ע... ממוכן, אַ שנאַפּס!... (טרינקט) די אויגן קלעפּן זיך מיר און דער שלאָף קומט ניט. (גענעצט) איך קאָן ניט אַנשלאָפן ווערן... (גענעצט)

**ממוכן:**

אדוני מלך, אפשר גאָר דיר עפּעס לייענען פון ספר הזכרו־נות...

**אחשורוש:**

ע...?... פון ספר הזכרונות?... זאָל זיין פון ספר הזכרונות... אפשר וועל איך קאָנען כאַפּן אַ דרימל...

**ממוכן:**

שוועלהיטער, דעם ספר הזכרונות!.. (דער שוועלהיטער ברענגט אַריין דעם ספר הזכרונות) לייען מזומן...

**מזומן:**

(רייניקט זיך פריער אויס דעם האַלדז, לייענט) שבת, פרשה ויקרא, ווען דער גבאי רב קנשר איז געקומען פון שול מיט אַ ברייטן גוט־שבת, האָט ער געטראָפן זיין אשת־חיל רבקהלע אויפן שוים פון אַ פרעמדן מאַנספּערשוין. אַנשטאָט זיך אָפּצוטראָגן, ווי אַן אָרנטלעכער מענטש, האָט דיזער שאַלק־האַפטער מאַן זיך געטאָן אַ שטעל אויף די רגלים און אָפּ־געשטעקט קנשרן צוויי פייערדיקע פּעטש. אום ניט צו פאַר־שטערן דעם שבת קודש, האָט רב קנשר שטיל אַ גלעט גע־טאָן די באָרד און געלאָסן זיך אָפּגערופן: סטייטש, רבקהלע, ווי קומט אַ פּאַטש צו גוט־שבת?... פון דאַן איז אַוועק אין פרם ומדי דאָס ווערטל: „ווי קומט אַ פּאַטש צו גוט־שבת"...

**אחשורוש:**

(גענעצט) ע... ווייס איך וואָס... לייען עפּעס אַנדערש...



**ממוכן:**

(מאַכט צייכנס צו מזומנען) אי אַ, מזומן, אי אַ!...

**מזומן:**

אַ, וואָס?...

**ממוכן:**

אי אַ, צדיק, צדיק!...

**מזומן:**

(פאַרשטייט ניט, קוועטשט מיט די באַרקעס, לייענט ווייטער) אין כרך שניפּיבאַן האָט דער רופא פיפּתא געלאָזט אויסרופן דורך אַ קול־קורא, אַז ער האָט דערפונדן אַ מיטל צו מאַכן קינדער אָן ווייבער, דורך בלויזער מעדיצין. זיינען אַלע ווײַ־בער פון שניפּיבאַן געוואָרן מלא רציחה אויפן רופא און האָבן אים פאַרקלאָגט ווי אַ מכשף און פיפּתא האָט נעבעך אויסגעהויכט זיין כשרע נשמה אויפן שייטערהויפן... (אַלע לאַכן)

**אחשורוש:**

רעכט אויף אים!... הויב זיך ניט אָן מיט ווייבער!...

**מזומן:**

נאָך, אדוני מלך?...

**ממוכן:**

וו־וואָס דען?... ג־געוויס!... (ווינקט צו אים) צדיק, צדיק — פויערשער קאָפּ!...

**ממוכן:**

(פאַרשטייט ניט, לייענט) אַ מעשה האָט זיך געטראָפן אין היאָן...

**ממוכן כפרתי:**

(לויפן צו צו אים, רייסן אַרויס דעם ספר און הויבן אָן גיך צו בלעטערן) האָט זיך געטראָפן... (ממוכן געפינט, גיט כפרתין לייענען).

**כפרתי:**

אין שושן הבירה... בימי אחשורוש, אין די טעג פון קיניג אחשורוש, ירום הודו, האָבן צוויי קיניגלעכע קאַמערדינער, בגתנא און תרש, געוואָלט אויסשטרעקן אַ האַנט אויפן מלך

און אים טאָן פאַרסמען. איז די זאַך דערוווסט געוואָרן צום
יידל מרדכי בן יאיר, האָט ער גלייך א וווּנק געטאָן ווו עס
באַדאַרף צו זיין און אָנגעזאָגט אין די הויכע פענצטער. איז
די זאַך געוואָרן נאָכגעזוכט און אויסגעפונען פאַר ריכטיק.
די צוויי בוגדים האָט מען אויפגעהאָנגען אויף א בוים און
דער מלך אחשורוש איז ניצול געוואָרן...

**אחשורוש:**

אוי, ס'איז מיר שלאַף!... (חלשט)

**ממוכן:**

אדוני מלך!...

**מזומן:**

פאָטער־קיניג!...

**כפרתי:**

גיסט אים אַריין א ביסל שפּיריטעס!... (מינטערן אחשורוש)

**אחשורוש:**

(עפנט די אויגן) שוין פאַרביי... ע... שוין בעסער... ממוכן!...

**ממוכן:**

ור־וואָס, אדוני מלך?...

**אחשורוש:**

א שנאַפּס! (טרינקט) זיינען זיי טאַקע אויף אַן אמת אויפ־
געהאָנגען געוואָרן?...

**ממוכן:**

ווי דו זעסט מיך א לעבעדיקן...

**כפרתי:**

מרדכי הצדיק האָט דיך מציל געווען פון א זיכערן טויט.

**אחשורוש:**

ע... וואָס פאַר א שכר האָט מרדכי דערפאַר באַקומען?...

**ממוכן:**

ג־גאָרנית, אדוני מלך

**מזומן:**

אפילו ניט קיין שטיקל כבוד



**כפרתי:**

המן האָט ניט געלאָזן.

**אחשורוש:**

ע...אַן עוולה!... כבוד דאַרף ער קריגן!...

**שוועלהיטער:**

(קומט אַריין) אדוני מלך, פרינץ המן וויל דיך זען.

**אחשורוש:**

זאָל ער אריינקומען (שוועלהיטער אַרוים)

**ממוכן:**

אדוני מלך, אויב דיר איז ווילגעפעלן, זאָל המן אליין זאָגן,
וואָס פאַר א שכר עס קומט מרדכין. איך וועל אים פרעגן.

**אחשורוש:**

ע... פרעג, ממוכן...

**המן:**

(קומט אַריין) זיי געגריסט, פאָטער־קיניג!...

**אחשורוש:**

זיי געגריסט, בן המדתא!...

**המן:**

איך האָב צו דיר א בקשה, אדוני מלך. איך האָב באַפוילן
צו פאַרטיליקן אין דריי טעג אַרום אַלע יידן פון פרס ומדי.
אָבער עס געפינט זיך אין שושן א ייד א מורד, וואָס וויל
זיך ניט בוקן צו מיר און וואָס מוז גלייך אויפגעהאָנגען
ווערן. עס איז שוין אפילו גרייט פאַר אים די תליה.

**ממוכן:**

ל־לאָז דיין בקשה אויף א ורווײַלע שפּעטער, פרינץ המן.
דער קיניג וויל מיט דיר ז־זיך אַן עצה האַלטן. דו ב־ביסט
דאָך שני למלך...

**מזומן:**

דער קליגסטער פון אַלע האַרן פון פרס ומדי...

**כפרתי:**

האָסט דאָך מער עשירות און מער כבוד, ווי אַלע...

**ממוכן:**

איז ז־זאָג זשע, המן, וו־וואָס דאַרף מען טאָן מיט אַ מ־מאַן, וואָס דער מלך וויל אים אָנטאָן כבוד?...

**המן:**

וואָס דער מלך וויל אים אָנטאָן כבוד?... (בלאָזט זיך גדלות־דיק צופרידן)

**אחשורוש:**

ע.. יאָ, המן... זאָג!...

**המן:**

אָנטאָן נ א ך כבוד?...

**ממוכן:**

אָנטאָן כ־כבוד.

**המן:**

אַ מאַן, וואָס דער מלך וויל אים אָנטאָן כבוד — זאָל מען ברענגען אַ מלכותדיק קלייד, וואָס דער מלך האָט זיך דערין געקליידט, און אַ פערד, וואָס דער מלך האָט אויף אים גע־ריטן, און מען זאָל געבן דאָס קלייד און דעם פערד אויף די הענט פון איינעם פון די הארן פון מלך, פון די אדל־לייט, און מען זאָל אָנקליידן דעם מאַן, וואָס דער מלך וויל אים אָנטאָן כבוד, און מען זאָל אים מאכן רייטן אויפן פערד דורך דער ברייטסטער גאַס פון שטאָט און אויסרופן פאַר אים: אַזוי ווערט געטאָן צו דעם מאַן, וואָס דער מלך וויל אים אָנטאָן כבוד!...

**ממוכן:**

אויב אַזוי, פּ־פּרינץ המן, זיי מוחל און נעם דאָס ק־קלייד און דעם פערד, אַזוי ווי דו האָסט געהייסן, און טו אַזוי צו מ־מרדכי הצדיק... וו־ווייל אים וויל דאָס דער פאָטער־קיניג אָנטאָן כ־כבוד...

**אחשורוש:**

ע...יאָ, יאָ...

**המן:**

אדוני מלך — וואָס הייסט?!... איך?!... מרדכי דעם יידל?!... איך — פּרינץ המן?!...



**אחשורוש:**

ע... אַזוי איז מיין פאַרלאַנג...

**מזומן:**

רופט אריין מרדכין!

**המן:**

אָבער, אדוני מלך, זאָג אליין!... טו אַ טראַכט, אויב מעגלעך!... וואָס פאַר אַ פּנים וועט עס האָבן?... דער שני למלך פון פרס ומדי און — מאָרדקע דער לאַנד־שרכן?!...

**ממוכן, מזומן כפּרתי:**

טו דעם ווילן פון אַלמעכטיקן אחשורוש!...

**אחשורוש:**

ע... יאָ... טו מיין מעכטיקן ווילן... (מרדכי קומט אריין)

**מזומן:**

מרדכי בן יאיר, פאַר דעם, וואָס דו האָסט מציל געווען פון טויט אונדזער ליבן פאָטער־קיניג, וועט דיך איצטער, פאַר אַ שכר, פּרינץ המן אָנקליידן אין אַ קיניגלעכן קלייד און ארומפירן רייטנדיק אויפן קיניגלעכן פערד, איבער די הויפּט־גאַסן פון שושן הבירה...

**אחשורוש:**

יאָ, מרדכי...

**מרדכי:**

אדוני מלך, כ׳וואָלט גריילעך באַשטאַנען דו זאָלסט, פאַר מיין טרחה, בעסער טאָן טובות פאַר יידן. נאָר מילא, זאָגסט כבוד, זאָל זיין כבוד. איין גאָט אין הימל ווייסט, אַז מרדכי בן יאיר איז ניט קיין כבוד־זוכער, נאָר ווידער אַ מאָל — אַז דיר איז ליב, איז מיר ניחה.

**ממוכן:**

המן, ק־קלייד אָן מרדכין אין די בגדי מלכות!...

**מרדכי:**

אנו, המן, דערלאַנג די שבתדיקע קאַפּאָטע פון מלך אחשורוש...

**המן:**

(טוט אָן מרדכין) פריי זיך ניט, מאָטיע, ס׳איז שוין גרייט פאַר דיר די תליה!...

**מרדכי:**

א סברה, אז דו גאָר וועסט קריגן די עליה...

**המן:**

דאָס שטריקל וועט דיך ניט מיידן, כ'בין דיר ערוב!...

**מרדכי:**

נו, נו — ניע קריטשי האָפּ, רב קרוב...

**אחשורוש:**

ברענגט אריין מיין קיניגלעכן פערד! (מען פירט אריין דעם פערד) המן, ע... העלף מרדכין זיך זעצן אויפן פערד...

(המן פירט צו מרדכין צום פערד, וויל אים ארויפזעצן; דער פערד רייסט זיך ארויס און לויפט צו צו אחשורושן)

**אחשורוש:**

וואָס איז, סוסי?...

**פערד:**

(שטעלט זיך אויף די קני פאַר אחשורושן און זינגט)
אדוני מלך, איך טו צו דיר זיך בוקן
ווער וועט היינט רייטן אויף מיין גילדערנעם רוקן?

**אחשורוש:**

פערדל, דו פערדל, סוסל דו מיין
מרדכי הצדיק וועט היינט דיין רייטער זיין

**פערד:**

אדוני מלך, איך טו ביי דיר זיך בעטן
ווער וועט, ווי א שמייסער, נעבן מיר צופוסנס טרעטן?

**אחשורוש:**

פערדל, דו פערדל, סוסל דו מיין
המן הרשע וועט היינט דיין שמייסער זיין

**פערד:**

אדוני מלך, איך קאָן דאָס מיר ניט גלויבן
פאַרוואָס איבערן אריער דאָס יידל היינט דערהויבן?

**אחשורוש:**

סוסל דו סוסל, גענוג שוין צו פרעגן
ס'פּאַסט ניט פאַר א פערדל צו פאַרשטיין גאָטס וועגן



**אלע:**

ס'פּאַסט ניט פאַר א פערדל צו פאַרשטיין גאָטס וועגן

**אחשורוש:**

נעם ארויף מרדכין אויף דיין רוקן, סוס!...

**פערד:**

איך הער און געהאָרך, אדוני מלך... (מרדכי, המן און דער פערד גייען ארויס)

**אחשורוש:**

העראָלד!...

**העראָלד:**

(קומט אריין) וואָס פאַרלאַנגסטו, אַלמעכטיקער אחשורוש?...
ביז א האַלבע מדינה וועט דיר געטאָן ווערן!...

**אחשורוש:**

ע... רוף אריין די הויפּט־גאַס פון שושן הבירה. כ'בין אויך א בעלן צו זען די שפּיל...

**העראָלד:**

אַטאַ שוין, מאַיעסטעט!...
(זינגט) אריין, אריין, אריין, אריין
הויפּט־גאַס פון שושן, דו מיין!...

**כאָר:**

טראַלאַ־לאַ־לאַ!... טראַלאַ־לאַ־לאַ!...

(ס'קומען אריין מענער און פרויען, שטעלן זיך אויס אין צוויי רייען. צווישן זיי באַווייזט זיך המן, פירנדיק דעם פערד פאַרן צוים; מרדכי, אויפן פערד, באַגריסט זיך האָפּערדיק מיטן עולם)

**המן:**

אָט אַזוי ווערט געטאָן צו דעם מאַן, וואָס דער מלך וויל אים כבוד אָנטאָן!...
אָט אַזוי ווערט געטאָן צו דעם מאַן, וואָס דער מלך וויל אים כבוד אָנטאָן!...

**שטימען:**

— קוק נאָר אָן דעם שטאַל־יונג!...
— זע נאָר דעם שמייסער!...

— העלדישער, המן, העלדישער!...
— האלט ניט אזוי דעם קאפ געבויגן!...

**המן:**

אט אזוי ווערט געטאן צו דעם מאן, וואס דער מלך וויל אים
כבוד אנטאן!...
אט אזוי ווערט געטאן צו דעם מאן, וואס דער מלך וויל אים
כבוד אנטאן!...

(מרדכי באגריסט זיך כסדר מיטן עולם; געשרייען, פייפערייען)

**אלע:**

(זינגען) מרדכי הצדיק רייט אויפן פערד
המן הרשע וועט גיין אין דר'ערד...
(מוזיק שפילט)

פ א ר ה א נ ג



# פערטער אקט

**הערАלד:**

(פארן פארהאנג) ויהי... און ס'איז געווען... און ווי דער מלך האט זיך אומגעקערט אין הויז פון דעם ווײַן-מאלצייט, ערשט המן ליגט אנידערגעפאלן אויף דעם לען-בעטל, וואס אסתר איז דערויף. האט דער מלך געזאגט: נאך באצווינגען די מלכה ביי מיר אין הויז?!... און ווי דאס ווארט איז ארויס פון מלכס מויל, אזוי האט מען צוגעדעקט המנס פנים. איז וועל איך אייך איצט... (קוקט זיך איין פארוואונדערט, באמערקט ווי פון לינקס קומען אן אין איין אטעם, אבער קוים שלעפנדיק די פיס, צוויי מלחמה-לייט) זעט נאר, זעט — פעלדמארשאל מרסנא, יעדנעראל פרסנא!... ווארט א ווײַלע, וווהין לויפט איר אזוי, חשובע גבורים?...

**מרסנא:**

צום קיניג אחשורוש!...

**פרסנא:**

גלייך צום קיניג אחשורוש!...

**מרסנא:**

מיר גייען אים זאגן...

**פרסנא:**

מיר גייען פאר אים קלאגן...

**ביידע:**

ווײ ווײ — אומגעקומען אונדזער העלדישע ארמיי!... (וויינען)

**הערАלד:**

סטייטש, נאך אזוי פיל נצחונות?!...

**מרסנא:**

(וויינענדיק) ס'איז געגאנגען א שניי — ווײ, ווײ!...

**פרסנא:**

(וויינענדיק) ס'האט גענומען א פראסט—און ניט אפגעלאזט!...

**מרסנא:**

ס'איז געווען א ווינטער-יעדנעראל

פרסנא:

אז ס'זאָל פּלאַצן אים די גאַל!

ביידע:

ווי ווי, ניטאָ שוין אונדזער רומפּולע אַרמיי!... (רייסן זיך די האָר פון קאָפּ)

העראָלד:

זאָגט מיר, צווישן אונדז ווערט עס בלייבן, אפשר שלעכט זיך געשלאָגן צולעצט?

ביידע:

(כאַפּן אַרויס די שווערדן) ביי גאָט!...

מרסנא:

די פעלדמאַרשאַלן!...

פרסנא:

די יעדנעראַלן!...

ביידע:

האָבן זיך געשלאָגן ווי די לייבן!...

ממוכן, מזומן כפּרתי:

(רוקן פּלוצלונג אַרויס דעם קאָפּ פון הינטערן פאָרהאַנג און זינגען)
פעלדמאַרשאַלן, יעדנעראַלן
זיך דערשראָקן, אומגעפאַלן...
נעבעך גלייך ביים ערשטן שאָס
זיך צעקלאַפּט די נאָז... (די קעפּ פאַרשווינדן)

העראָלד:

נו, און די זעלנער?...

מרסנא, פרסנא:

אויסגעשאָבטן ווי די הענער...

מרסנא:

שולדיק אין אַלץ איז המן!

פרסנא:

אַלץ איז שולדיק דער אגגי!

מרסנא:

צו וואָס איז המן געקראָכן קיין גריכנלאַנד?!...



פרסנא:

אויף וואָס פאַר אַ כפּרות דאַרפן מיר גריכנלאַנד?!...

מרסנא:

די רעשטלעך פון אונדזערע רומפּולע חיילות קערן זיך צוריק...

פרסנא:

בחרפּה, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ...

ממוכן, מזומן כפּרתי:

(רוקן אַרויס די קעפּ, ווי פריער און זינגען)
פעלדמאַרשאַלן, יעדנעראַלן
זיך דערשראָקן, אומגעפאַלן...
שנעלער ווי אַ פייל פון בויגן
אָפּגעצויגן... (די קעפּ פאַרשווינדן)

העראָלד:

זאָרגט ניט, חשובע גבורים. המן וועט איינגיכן האָבן אַ שוואַרצן סוף. עס שטייט שוין אפילו פאַר אים אָנגעגרייט אַ תליה. אין אָט דעם אַקט וועט אים מרדכי אַנידערלייגן, דעם פורכטבאַר גרויסן העלד.

מרסנא, פרסנא:

ווער איז דאָס מרדכי?...

העראָלד:

איר ווייסט ניט, ווער מרדכי הצדיק איז?... גויעשע קעפּ, נעבעך, די מגילה ניט געלייענט. איר קאָנט זיך אויף אים פאַרלאָזן, נשקשה... גלייך, ווי די זון וועט פאַרגיין, זאָלט איר אַלע זעלנער אייערע פאַרזאַמלען פאַר דער מלכהס פּאַלאַץ. פריער אָבער נעמט צו דאָס גאַנצע געווער ביי המנס פּיילנ־מרענער. גייט בשלום, גבורים פון פרס ומדי. דאָס פּובליקום ווערט אומגעדולדיק. איך דאַרף אויפהייבן דעם פאָרהאַנג.

(מרסנא און פרסנא גייען אַרויס)

איז וועל איך אייך איצט, מיינע דאַמען און קאַוואַלירן
צו המנס שוואַרצן סוף טאָן פירן
(זינגט) אריין, אריין, אריין, אריין
המנס שוואַרצער סוף, דו מיין!...
אריין, אריין, אריין, אריין
המנס שוואַרצער סוף, דו מיין!...

(עס הייבט זיך אויף דער פאָרהאַנג. אַ זאַל אין קיניגלעכן פּאַלאַץ.

דער שטערנזעער קוקט אויפן הימל דורך זיינע מכשירים. המן שפּאַנט אַרום, אומגעדולדיק)

**המן:**

זוך, שטערנזעער!... זוך אין אַלע זיבן הימלען, אין אַלע צוועלף מזלות, אין אַלע הונדערט צוואַנציק געצעלטן!... נו, וואָס זעסטו?... (דער שטערנזעער ענטפערט ניט) פאַרוואָס ענט־פערסטו ניט, שטערנזעער?...

**שטערנזעער:**

די שטערנס שווייגן, מיין האר.

**המן:**

זאָג אָפן, האָב קיין מורא ניט — איז דאָס ניט אַמאָל אַ סימן אויף טרויער און מפּלות?...

**שטערנזעער:**

ס'קאָן זיין, מיין האר. אבער גיכער איז דאס אַ סימן, אַז ס'וועט גיין רעגן. דער הימל איז פאַרוואָלקנט.

**המן:**

פאַרטרייב די וואָלקן!...

**שטערנזעער:**

איך וועל פּרווון, פּרינץ המן. (אויף גיך) ווינטן קאַלטע, ווינטן הייסע, ווינטן גוטע, ווינטן בייזע — צעזייט, צע־שפּרייט, די כמאַרעס די בלויע, די כמאַרעס די גרויע, דעם וואָלקן דעם שיטערן, די שוואַרצע געוויטערן, אויף ווייסטע פעלדער, אויף ווייסטע וועלדער, אויף שטיינער, אויף ביינער. טפו, טפו!... (שפּייט, בלאָזט)

**המן:**

נו?

**שטערנזעער:**

פאַרטריבן אַ וואָלקן.

**המן:**

איז וואָס זעסטו?...

**שטערנזעער:**

גאָרניט, מיין האר. ס'איז אָנגעקומען אַ צווייטער.



**המן:**

לעכער אים דורך מיט דיין בליק! איך באַפעל!

**שטערנזעער:**

איך געהאָרך, פּרינץ המן. (קוקט אָנגעשטרענגט, קרעכצט, ווישט דעם שווייס)

**המן:**

זעסט?...

**שטערנזעער:**

יאָ, מיין האר. איך זע דעם אָריאָן־שטערן. ער איז בלייך און פינקלט קוים.

**המן:**

אין וועלכן מזל ליגט ער?...

**שטערנזעער:**

אין מזל פון דער יונגפרוי.

**המן:**

וואָס באַטייט עס, שטערנזעער?...

**שטערנזעער:**

דו ווייסט דאָך, מיין האר. די יונגפרוי ברענגט תמיד האַרצ־ווייטיק און צרות...

**המן:**

זוך נאָך, שטערנזעער, אום גאָטעס ווילן, זוך גוט! באַקום אַ תשובה פון די הימלען! זעקס הונדערט שיפן זיינען אָפּ־געפאָרן צו די ברעגעס פון גריכנלאַנד. אַכט הונדערט טויזנט מלחמה־לייט האָבן, ווי אַ שטורעם, זיך אַ לאָז געטאָן אויפן לאַנד פון די יוונים. איז, וואָס פּלוצלונג געשען?!... פאַר־וואָס קומט ניט מער קיין איין שליח?!... שטערנזעער, וואָס זאָגן די שטערנס?...

**שטערנזעער:**

דער הימל איז פינצטער, מיין האר.

**המן:**

(פול מיט פּחד) פינצטער?!...

**שטערנזעער:**

שטאָק פינצטער.

**המן:**

איז אפשר וועסטו לייענען אין די שטריכן פון מיין האַנט?...

**שטערנזעער:**

די אויגן זיינען מיר שוואך, מיין האר.

**המן:**

רייד! איך הייס!

**שטערנזעער:**

(קוקט אריין אין המנס האנט) עס דראט דיר א סכנה, פרינץ המן.

**המן:**

מצד ועמען?

**שטערנזעער:**

א פרוי... א יידישקע... און אפשר אן אריערין... אלץ פלאנטערט זיך...

**המן:**

וועל איך ניצול ווערן?...

**שטערנזעער:**

איך זע מער גארניט.

**המן:**

באמי זיך. קריגסט צען גילדערנע דוקאטן!

**שטערנזעער:**

אומזיסטע מי. אלץ איז שווארץ. פארציי, מיין האר. אלץ איז שווארץ, שווארץ... (גייט ארויס)

**המן:**

(אליין) דער הימל איז פינצטער... די שטריכן פון מיין האנט ווערן שווארץ... איך בין פארלוירן... דער שטערנזעער האט געזען מיין שווארצן סוף... (פויזע; פלוצלונג שטארק) ניין, המן בן המדתא געהערט ניט צו די, וואס גיבן זיך אונטער!... איך האב געזען שוין, וואס פאר א ממשות עס האבן נביאות פון שטערנזעער... גריכנלאנד וועט ווערן באזיגט! איך וועל קיין חיילות ניט זשאלעווען. פון די יידן בין איך שוין אויך באלד פטור! און די קיניגלעכע אפאזיציע — זי האט געוואלט מלחמה מיט מיר, וועט זי האבן מלחמה! איך האב ניט מורא. די מלכה איז מיט מיר. (רופט) הערָאלד!...

**הערָאלד:**

(קומט אריין) וואס פארלאנגסטו, קאלעגע המן?...



**המן:**

רוף, זיי מוחל, אריין אהער דער מלכהס פאלאץ. איך בין פארבעטן צום ווייַן-מאלצייט. ועסט איינגיכן הערן גוטע נייס וועגן המנען...

**הערָאלד:**

אלעוואי, וואס גיכער!... שא, יא — א טובה פאר א טובה. באהאלט פאר מיר א שטיקל פון דעם שטריק, וואס מען וועט דיך אויף אים הענגען...

**המן:**

גלויבסט טאקע אין אזעלכע זאבאבאנעס?!...

**הערָאלד:**

איך ווייס?... מען זאגט — ס'איז מזלדיק. אפגעמאכט?...

**המן:**

אפגעמאכט. (גייט ארויס)

**הערָאלד:**

(הויבט אן זינגען) אריין, אריין...

**שטערנזעער:**

(רוקט אריין דעם קאפ) פסט!... פסט, קאלעגע הערָאלד!...

**הערָאלד:**

וואס איז, קאלעגע שטערנזעער?...

**שטערנזעער:**

(שטיל) טרעט מיר אפ א חלק שטריק. איך ברויך עס נויטיק צום פאך. וועגן מקח וועט מען דורכקומען...

**הערָאלד:**

(שארף) ניין!

**שטערנזעער:**

פארוואס — ניין?...

**הערָאלד:**

ווייל איך האב ניט ליב, אז דער לעמפערט און דער פיילן־טרעגער זיינען משרתים ביי המן הרשע.

**שטערנזעער:**

וואס רעדסטו, קאלעגע הערָאלד?!... דו ווייסט גארניט?!... (שטילער) איך בין דאך אריבער צו דער אפאזיציע!... דאס מזלע דרייט זיך, דרייט זיך שנעל... און ווער ס'איז ניט קיין

שוטה — דרייט זיך מיט. פרנסה, טייערער קאָלעגע, דאָס שטיקעלע פרנסה!... (לאַכט. פאַרשווינדט)

**העראָלד:**

(ציט מיט די אַקסלען, זינגט) אַריין, אַריין, אַריין, אַריין אסתרס פּאַלאַץ, דו מיין!...

**אסתר:**

(קומט אַריין אין איר פּאַלאַץ) ווי שטאַרק עס קלאַפּט מיין האַרץ!... צי וועל איך מצליח זיין און ראַטעווען דאָס לעבן פון מיינע ברידער?...

**דינסט:**

(אריין) פּרינץ המן איז געקומען.

**אסתר:**

בעט אַריינגיין. (דינסט ארויס; המן קומט גלייך אַריין)

**המן:**

מלכה אסתר!...

**אסתר:**

פּרינץ המן...

**המן:**

היינט איז דער גליקלעכסטער טאָג אין מיין לעבן!...

**אסתר:**

באמת?...

**המן:**

האסט באַוויליקט צו נעמען מיך פאַר דיין שקלאַף.

**אסתר:**

זאגסט שקלאַף און טראַכסט — האַר...

**המן:**

איך האָב דיך ליב, מלכה אסתר!... זאָג: אויב איך וואָלט געדאַרפט דיין הילף, וואָלסטו זי מיר געגעבן?...

**אסתר:**

מיין הילף?... צו וואָס?...

**המן:**

מיינע שונאים האָבן אויפגעהויבן דעם קאָפּ אין גאַנצן לאַנד. דער אָדלער האָט בלויז איין נאָגל זיך צעקלאַפּט — און שוין



פליט דער ראָב זיך קרוינען פאַרן מלך פון די פויגלען. איך וועל עס מער ניט דולדן! היינט ביינאַכט וועט אויסגע־וואַרצלט ווערן די קיניגלעכע אָפּאָזיציע און איבערמאָרגן וועט לסוף פאַרשווינדן דער שורש פון אַלדאָס בייז — די יידן. דער ערשטער וועט ווערן אויפגעהאַנגען מרדכי בן יאיר. נאָך היינט וועט ער הענגען.

**אסתר:**

וועסט דאָס ניט טאָן!

**המן:**

און פאַרוואָס, אַשטייגער?...

**אסתר:**

ווייל איך בעט דיך, פּרינץ המן...

**המן:**

דו בעטסט מיך... קאָן איך אפשר וויסן, פאַרוואָס דו בעטסט אַזוי, מלכה אסתר?...

**אסתר:**

ווייל...

**המן:**

וואָס איז דיינער מרדכי?!...

**אסתר:**

ער איז... ער איז...

**המן:**

זאָג וואָס!...

**אסתר:**

מיין שרכן...

**המן:**

נו, נאָך אַ שרכן זיצט מען ניט קיין שבעה... (וויל זי אַרומ־נעמען)

**אסתר:**

ריר זיך ניט צו צו מיר!...

**המן:**

אַזוי גאָר?!... הער מיך אויס, מלכה אסתר. מיינע קלוגע

לייט האָבן מיר דערטראָגן, אַז מרדכי בן יאיר איז ביי דיר אַן אפטער גאַסט. מען רעדט אפילו, אַז ער איז דיין געליבטער.

**אסתר:**

ס'איז אַ ליגן! איך שווער דיר!

**המן:**

כ'וויל דיר גלויבן. אבער אויב דו זאָגסט אמת, בעט איך דיך, דו זאָלסט מער מרדכים נאָמען ניט דערמאָנען.

**אסתר:**

אויב דו זאָגסט מיר צו...

**המן:**

גענוג, אסתר! מרדכי וועט שטאַרבן און דיר גייט עס ניט אָן... ביסט מיינע, אסתר המלכה, מיינע און מער קיינעמס ניט!... (נעמט זי אַרום)

**אסתר:**

לאָז מיך!... (רייסט זיך פון אים)

**המן:**

(האַלט זי מיט געוואַלד) איך בין פרינץ המן, אסתר!... הערסט?!... פרינץ המן!... פאַר מיין ווילן בויגט מען זיך, ווי זאַנגען פאַרן ווינט. האָסט מיך גערופן היינט. איך בין געקומען אויף דיין רוף. וועסט מיינע זיין, פאַרשטייסט?... מיט פרינץ המנען שפּילט זיך קיינער ניט, אפילו ניט די מלכה פון פרס ומדי... (קושט זי)

**אסתר:**

(ווערט זיך, שרייט) ניין, ניין!... איך וויל ניט!...

**המן:**

דו ווילסט, ווייל איך וויל!... ווער זיך ניט, אסתר, ווער זיך ניט, זאָג איך!... ווער זיך ניט, דו מאַכסט מיך ווילד... אסתר!... אסתר!... (טוט זי אַ הויב אויף און אַ שליידער אויפן לען-בעט)

**אסתר:**

(שרייט) לאָז מיך!... אוועק!... לאָז מיך!...

**מרדכי:**

(לויפט פּלוצלונג אַריין; נאָך אים אחשורוש, און די בעלי-יועצים)



געוואַלד, געוואַלד!... המן וויל באַצווינגען די מלכה!... געוואַלד!... (המן וואַרפט זיך אויף אים)

**אחשורוש:**

(ווי אַ געליימטער) וואָס... ע... וואָס טוט זיך דאָ?...

**מרדכי:**

געוואַלד, געוואַלד!... המן וויל דערהרגענען מרדכי הצדיק!... דינער, שוועלהיטער!... (געפּעכט צווישן מרדכי און המנען)

**בעלי-יועצים:**

געוואַלד!... געוואַלד!... (דינער לויפן אַריין, כאַפּן המנען)

**מרדכי:**

בינדט אים די ידים מיט אַ פעסטן צוקער־שנירל!...

**המן:**

וואַרט, וואַרט, מיינע פּיילנטרעגער וועלן נאָר אָנקומען...

**מרדכי:**

קאָנסט זיך אויסוואַרטן אויף דיינע פּיילנטרעגער. זיי האָבן זיך אַלע איבערגעגעבן דער אַרמיי, וואָס איז געקומען פון גריכנלאַנד.

**המן:**

וויי וויי, פאַרשפּילט די ליכטיקע שיין!...

**מרדכי:**

ווער עס גראָבט אַ גרוב פאַר יענעם, פאַלט אַליין אַריין...

**אחשורוש:**

(שטייט נעבן אסתרן, וואָס וויינט) מיין ענגל, מיין שאַץ!... וויין ניט, וויין ניט. איך וועל עס ניט אויסהאַלטן!... (כלי-פּעס) ער האָט דיר שלעכטס געטאָן, דער רשע?...

**אסתר:**

אָ, פאָטער־קיניג...

**אחשורוש:**

דינער, פאַרדעקט המנס פנים!... ס'איז שוין נאָך אים!... מרדכי הצדיק, איין מאָל האָסטו מיך שוין מציל געווען פון טויט. איצט... ע... ראַטעוועסטו דו מיר אַ צווייטן מאָל דאָס לעבן... מער נאָך, ווי דאָס לעבן... בעלי־יועצים!...

**בעלי-יועצים:**

וואס איז, אלמעכטיקער אחשורוש?...

**אחשורוש:**

רופט אריין די הויפלייט מיינע און די שוועלהיטער!... און זאל מען משפטן!... (עס קומען אריין הויפלייט און שוועלהיטער) בעלי־יועצים, הויפלייט און שוועלהיטער מיינע!... אייער אלמעכטיקער קיניג אחשורוש ירום הודו איז ניצול געווארן פון א גרוים געפאר. יע... איך וויל, איר זאלט משפטן לויט די דינים פון פרס ומדי. האר קענצלער, פרעג די צוויי קשיות!...

**ממוכן:**

(מיט א ניגון) וואס דארף ג־געטאן ווערן צו א מאן, וו־וואס האט אומגעבראכט זיבן הונהערט פ־פופציק טויזנט זין פון פרס ומדי און וואס האט ג־געוואלט באצווינגען די מ־מלכה אין מלכס הויז?...

**מזומן:**

אזא מאן דארף ווערן אויפגעהאנגען!

**כפרתי:**

אויף א תליה פון פופצן איילן די הויך!

**אלע:**

אמת!... אמת וישר!...

**ממוכן:**

וואס דארף ג־געטאן ווערן צו א מאן, ורוואס האט צוויי מאל מ־מציל געווען דעם קיניג פון טויט און וואס האט ג־געראטעוועט די מ־מלכה אין מלכס הויז?

**מזומן:**

דער שטול פון אזא מאן דארף אויפגעהויבן ווערן העכער פון די שטולן פון אלע הארן פון דער מדינה!...

**כפרתי:**

דער פאטער־קיניג דארף אים דערנענטערן צו זיך און אים מאכן פאר שני למלך!

**אלע:**

אמת!... אמת וישר!...



**ממוכן:**

דער רשע — דאס איז המן...

**אלע:**

אויף דער תליה המנען!...

**ממוכן:**

דער צדיק — דאס איז מרדכי...

**אלע:**

אין תכלת, אין תכלת מרדכין!... (מרדכין טוט מען אן אין תכלת)

**אחשורוש:**

פון היינט אויף ווייטער, מרדכי בן יאיר, ביסטו מיין שני למלך. שוועלהיטער, נעמט אראפ פון המנס האנט מיין זיגל־רינג און טוט אים אן מרדכין! (מען גייט צו אראפנעמען דעם זיגלרינג ביי המנען; ער טוט א ברום, ווי א לייב; געלעכטער)

**אסתר:**

(ווייזנדיק אויף המנען) און צו אזא מאן, פאטער־קיניג, צו אזא צורר און פיינט, האסטו מיך פארקויפט, אויף אומברענגען, הרגענען און פארטיליקן — מיך און מיין פאלק?...

**אחשורוש:**

דיך און דיין פאלק?...

**אסתר:**

יא, פאטער־קיניג, מיך און מיין פאלק. אסתר המלכה איז א יידיש קינד!

**אלע:**

א!... א!...

**אסתר:**

און דער שני למלך מרדכי הצדיק איז מיין לייבלעכער פעטער.

**אלע:**

א!... א!...

**מרדכי:**

פאר דיינע איצטיקע רייד, אסתר המלכה, וועסטו, ביז לעולם ועד, ווערן פאר א משל געשטעלט פאר אלע יידישע טעכטער פון גאר דער וועלט...

**ממוכן:**
מרדכי, אפשר קקאנסטו מיך אויך פאר א משל שטעלן?...
מיין ז־זיידע איז אויך געווען א ייד...

**מזומן:**
מיין עלטער־זיידע!...

**כפרתי:**
מיין באָבע!...

**שטימען:**
— מיין טאַטע!...
— מיין מאַמע!...
— מיין עלטער־באבע!...
— מיין עלטער־זיידע!...
— מיין שווינער!...
— מיין ווייב!...
— מיין פעטער!...
— מיין מומע!...

**אחשורוש:**
וואָס דאַרפט איר מער?... מיין איינענע באבע איז אויך, זאָגט מען, געווען א האַלבע יידישקע!...

**אלע:**
א!... א!...

**המן:**
ווי ווי, צווישן וועמען איך בין דאָ אריינגעפאַלן!... מרדכי הצדיק, אויב איך בין שוין יא צווישן יידן, וויל איך כאָטש שטאַרבן מיט וידוי... אפשר וועל איך אויף יענער וועלט ניט כאַפּן אזא פסק, ווי אויף דער וועלט!... זאָג מיט מיר וידוי, מרדכי בן יאיר!...

**מרדכי:**
ביסט טאַקע א פּאַרך און א צורר פון יידן, פונדעסטוועגן — זע מיין גוט הארץ, כ׳וועל דיך שטעלן צופרידן... ווילסט וידוי, זאָל זיין וידוי... (מיט אַ ניגון) דו רשע מרושע, דו פושע ישראל — וואָס האסטו געטאָן אום פסח צום סדר?...

**המן:**
(מיטן זעלבן ניגון) אום פסח צום סדר — האָב איך געפרעסן ברויט, אין די וואָכעדיקע קליידער...



**אלע:**
איי, איי, איי!...

**מרדכי:**
דו רשע מרושע, דו פושע ישראל — וואָס האסטו געטאָן אום ערב ראש־השנה?

**המן:**
אום ערב ראש־השנה — האָב איך געזינדיקט מיט א יונגע אלמנה...

**אלע:**
איי, איי, איי!...

**מרדכי:**
דו רשע מרושע, דו פושע ישראל — וואָס האָסטו געטאָן אום שמחת תורה?...

**המן:**
אום שמחת תורה — האָב איך געהייסן ראַבעווען יידישע סחורה...

**אלע:**
איי, איי, איי!...

**מרדכי:**
דו רשע מרושע, דו פושע ישראל — וואָס האָסטו געטאָן אום פורים צו דער מגילה?...

**המן:**
אום פורים צו דער מגילה — האָב איך געוואָלט אומברענגען די יהודימלעך, די שטילע...

**אלע:**
רשע!... רשע!... המן הרשע!... (הינטער דער בינע הויבט זיך פּלוצלונג אויף אַ גרויס געשריי)

**אחשורוש:**
שוועלהיטער, וואָס איז דאָרטן?...

**מרסנא:**
(לויפט אריין) אדוני מלך, דיין רומפולע ארמיי רייסט זיך אין פּאַלאַץ! דער צאָרן פון די זעלנער איז אומבאַשרייב־לעך!...

**פרסנא:**

(נאָך אים) די שווערדן זיינען אנטבלויזט!... די שטורקאַצן ברענען!...

**שוועלהיטער:**

(לויפט אריין) עמך גייט, אדוני מלך!... מיט שער און אייזן, מיט נאָל און האמער, מיט האַקל באַקל מיקל פלעקל!...

**מרדכי:**

וואָס אייגנטלעך פאַרלאַנגט מען דאָרט, מיינע ליבע לייט?...

**אלע:**

מען זאָל המנען תכף פירן צו דער תליה!...

**מרדכי:**

בסך הכל?... מהיכא־תיתי! ס'וועט זיין א קליינע צרה. נעמט אייך המנען און זאָל ער זיין פאַר אונדז אַלעמען א כפרה.

**ממוכן:**

שוועלהיטער, פ־פירט המנען צו דער תליה!... (די שוועלהיטער גייען צו צו המנען און ווילן אים נעמען; ער רירט זיך ניט פון אָרט)

**הערַאלד:**

(גייט צו צו אים) קאַלעגע המן, זיי מוחל — צום שטריקל...

**המן:**

(בייז) ס'ברענט ניט!... האָסט צייט!...

**הערַאלד:**

וואָס רעדסטו, המן?... ווייסט דאָך, אז דאָ איז אַלץ אויס־גערעכנט אויף דער רגע! מוזט תכף גיין צו דער תליה.

**המן:**

(רייסט זיך אַרויס פון די שוועלהיטער און טוט אַ וואָרף זיין שווערד אויף דער בינע) עד כאן אומרים בשבת הגדול!... גיי אליין, אויב דו ווילסט!... געהערט א מעשה?!... וואָס איז?! פאַרוואָס קומט מיר עפּעס הענגען — און נאָך אין מיטן אקט?!... אפשר שלעכט געשפּילט מיין ראָלע, וואָס?!...

**הערַאלד:**

חלילה, חלילה!... אבער, טייערער המן, דער עולם חלשט



זיך משמח זיין א ביסעלע און ווי קאָן ביי יידן זיין א רעכטע שמחה, אויב המן הענגט נאָך ניט אויף דער תליה?... איך בעט דיך, טו עס לטובת הכלל!...

**המן:**

א, אויב לטובת הכלל — איז עפּעס אַנדערש!... (הויבט אויף די שווערד, שטעלט זיך צווישן די שוועלהיטער) און זאָלן זיך יידעלעך פרייען!... (גייט לאַנגזאַם) זיי געזונט, פאַטער קיניג!... זיי געזונט און פאַרציי, אסתר המלכה!... זייט געזונט, יידישע קינדער!... גאָט זאָל געבן אזא רעכטע המנס מפּלה אויף אַלע המנס פון אַלע צייטן!...

**אלע:**

אמן!...

**שטימען:**

— הלך, המן!... געגאַנגען!...

— א גליקלעכן שליטוועג!...

(מען פירט אַרויס המנען; הינטער דער בינע ווערט א גרויסער רעש)

**ממוכן:**

מרדכי הצדיק, זאָג א פּאָר ווערטער צום פאָלק!...

**מזומן:**

רייד, שני למלך!...

**אלע:**

דבר, דבר, ראש־המדבר!...

**מרדכי:**

(הויבט אָן, מעשה רעדנער) פאָלק פון פרס ומדי!... בירגער פון שושן הבירה!... (ס'ווערט שטיל) עס רעדט צו אייך דער נייער שני למלך, מרדכי הצדיק!... (אָוואַציעס) מרדכי בן יאיר, בן שמעי, בן קיש, א מאַן פון בנימין!... (אָוואַציעס) דעם אַלמעכטיקן, גוטן און קלוגן אחשורוש איז וווילגעפעלן צו שיקן המן הרשע מיטן קאָפּ אין דר'ערד אריין... (אָוואַ־ציעס) אַזא סוף מעגן זיך אם ירצה השם אויסריכטן אַלע המנס!... (אָוואַציעס) פון היינט אָן און ווייטער איז ניטאָ מער אין פרס ומדי קיין אריער־יחוס! אַלע זיינען דיזעלבע יחסנים — יידן פונקט ווי גויים. (אָוואַציעס) אויב עמיצער וועט זיך דערוועגן שלעכטס טאָן א יהודי, ווי המן האָט

באפוילן, וועט ער דערפאר באצאָלן מיט זיין לעבן. (אָוואַ-
ציעס) איך זאָג צו אונדזער העלדישער ארמיי, אז מיר וועלן
מער קיינמאָל ניט פירן קיין מלחמות!... (שטורמישע אָוואַ-
ציעס; הורא-געשרייען) איך זאָג צו עמך, אז אונדזער ליבע
מדינה וועט ווערן, ווי געווען: א לאַנד פון חלב ודבש, פון
מילך מיט האָניק, פייגן און באָקסערן! (אָוואַציעס) חיונה
וועט זיין לרוב!... ווייַן וועט זיך גיסן פון די פלאַשן, רענד-
לעך וועלן זיך שיטן אין די טאַשן!... וואָס שייך גוט, וואָס
שייך ווויל?!... געבראָטענע טויבן וועלן פליען אין מויל!
וואָס שייך גליקלעך, וואָס שייך צופרידן?!... עס וועט זיין
ששון ביי גויים און שמחה ביי יידן!... (שטורמישע אָוואַציעס;
אויסגעשרייען: לאַנג לעבן זאָל מרדכי הצדיק!)

**ממוכן:**

אָט דאָס הייסט א ר־ראש המדבר!...

**מרדכי:**

(ווישט זיך דעם שווייס) קאָלעגע העראָלד!...

**הערָאלד:**

וואָס, קאָלעגע שני למלך?...

**מרדכי:**

כ'האָב אויסגערעדט שוין, וואָס אין קאָרט... אפשר וואָלסטו
געגעבן נאָך עמיצן א וואָרט?...

**הערָאלד:**

גערעכט, מרדכי הצדיק. (רופט אויף) יעמוד החכם הגאון
הקיניג אחשורוש!...

**אחשורוש:**

(זינגט) כ'בין קיניג אחשורוש, א טאַטע און א פּאָטער
פון המנען דעם רשע קוים געוואָרן פטור

**אלע:**

פון המנען דעם רשע קוים געוואָרן פטור

**הערָאלד:**

יעמוד האשה הצנועה, היפת תואר, אסתר המלכה!

**אסתר:**

(זינגט) איך בין אסתר המלכה, א כשר יידיש קינד
שיר ניט פון דער וועלט געגאַנגען,
ווי איז מיר און ווינד



**אלע:**

שיר ניט פון דער וועלט געגאַנגען,
ווי איז אונדז און ווינד

**הערָאלד:**

יעמוד המן הרשע, הצורר היהודים, די ערד זאָל דיך צען
מאָל ארויסוואַרפן!... (ס'קומט אַריין המן, מיט א שטריק אויפן
האַלדז) וואָס, ש ו י ן ארויסגעוואָרפן?

**המן:**

שוין, קאָלעגע הערָאלד, שוין ארויסגעוואָרפן.
(זינגט) כ'בין המן דער אגגי, איך קום פון יענער וועלט
אויס פרינץ און אויס מיניסטער,
אויס פירער און אויס העלד

**אלע:**

אויס פרינץ און אויס מיניסטער,
אויס פירער און אויס העלד

**הערָאלד:**

איז אויב אזוי, קאָלעגן שפּילער, סאָלדאַטן, יעדנערלאַ
יידן, גויים, מיניסטאָרן, דינער, פעלדמאַרשאַלן
בתולות, ווייבער, גרויס און קליין
יונג און אלט און מיאוס און שיין
נעמט צולעצט זיך פאַר די הענט —
אָפּגעשפּילט שוין, וואָס געקענט!...

**אלע:**

(נעמען זיך פאַר די הענט, זינגען)
אָפּגעשפּילט „המנס מפּלה"
— צאָלט, ברידערלעך, ברידערלעך, געלט —
ס'וועלן אזא סוף נאָך האָבן
אלע המנס פון דער וועלט
טראַלאַ־לאַ און טראַלאַ־לאַ־לאַ —
אלע המנס פון דער וועלט!...

כאָטש ס'איז טרויער, דאָך געפרייט זיך
— הערט, ברידערלעך, ברידערלעך הערט —
מירן האָבן אלע המנס
אלע המנס טיף אין דר'ערד
טראַלאַ־לאַ און טראַלאַ־לאַ־לאַ —
אלע המנס טיף אין דר'ערד!...

פ אָ ר ה א נ ג

